## יב

דאָס יאָר 1848 האָט געבּרענגט אין ווין א רעוואָלוציע קעגן אבסאָלוטיזם, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויך אויף גאַליציע — און פּשעמישל. דער קייזער האָט מסכּים געווען אויף וואַלן צו א געזעצגעבערישן פּאַרלאַמענט. עס זענען אויך אויסגעקליבן געוואָרן עטלעכע יידן, צווישן זיי — א מערבדיקער ייד, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער שאַנד פון רעליגיעזע שטייערן. אָבער באַלד דערנאָך האָט די רעאַקציע געזיגט און פון דער צוגעזאָגטער גלייכהייט איז נאָר געבליבן — דאָס אָפּשאַפן די פאַנשטשיזנע און טיילווייזע גלייכהייט פאַר די יידן.

די יאָרן 1849 — 1859 זענען ווידער געווען יאָרן פון אבסאָלוטיזם. ערשט די מפּלה פון עסטרייך אין קריג מיט פראַנקרייך און סאַרדיניע אין יאָר 1859 און דערווירטשאַפטלעכער קריזיס, האָבן געצוווּנגען די רעגירונג צו באַשטימען קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט אין דער אויטאָנאָמיע פון די לענדער (אויך פון גאַליציע) און א פּאַרלאַמענט מיט באַגרענעצטע קאָמפּעטענצן. נאָך א ווייטערע מפּלה אין קריג מיט פּרייסן און איטאַליע (1866), איז ענדלעך אין סוף פון יאָר 1867 באַשטעטיקט געוואָרן די פולע קאָנסטיטוציע. אָבער דאָס באַזיצן וואַל־רעכט איז געבליבן אָפּהענגיק פון צאָלן א געוויסן שטייער. מיט דעם יאָר 1868 האָבן אויך די יידן באַקומען גלייכע רעכט, אַלנפאַלס — לויטן געשריבענעם געזעץ. אַזוי האָבן יידן באַקומען די רעכט אָנגענומען צו ווערן אויף עפנטלעכע אַרבעטן און אַמטן, אויפגענומען צו ווערן אַלס שילער אין די עפנטלעכע שולן און אפילו אַלס לערער — אין די אוניווערסיטעטן.

אין דער פּראַקטיק איז דאָס נישט תּמיד רעאַליזירט געוואָרן, באַזונדערס אין גאַליציע. אין פּשעמישל, למשל, האָט עקזיסטירט א מלוכהשער סעמינאַר פאַר לערערינס. יעדעס יאָר זענען דאָרט אַדורכגעפירט געוואָרן איינטריטס־עקזאַמענס. אָבער אין די לעצטע יאָרן פאַר 1914, איז אָנגענומען געוואָרן נאָר איין יידיש מיידל אויף א קלאַס.

מ׳האָט אין גאַנץ גאַליציע אויך ניט געזען א יידישן קאָמיסאַר אין א סטאַראָסטווע, אָדער ביי דער פּאָליציי, צי א הויכן באַאַמטן אין דער פּראָקוראַטור. פונדעסטוועגן איז געעפנט געוואָרן א וועג צו דערשלאָגן זיך צו פאַרשידענע פּאָזיציעס און פּרנסות.

אין דער קאָמונאַלער אויטאָנאָמיע איז דאָס וואַלרעכט אין די 30 גרעסערע שטעט, צווישן זיי — פּשעמישל, געווען אָפּהענגיק פון בילדונג און שטייערן צאָלן. די וויילערס זענען פאַרטיילט געוואָרן אויף 3 קוריעס, וואָס יעדע האָט געהאַט א רעכט צו ווילן 6 ראַטמענער און זייערע 3 פאַר־טרעטערס. נאָך דעם ווי אין רוב מיטעלע שטעט האָבן יידן געקענט ווילן צו 6 ראַטמענער אין 2 קוריעס און ניט־יידן—אין איינער, איז מען איינגעגאַנגען אויף דעם קאָמפּראָמיס, אַז יידן און קריסטן ווילן צוזאַמען אַלע ראַטמענער אין די 3 קוריעס, העלפט אויף העלפט. די שטאָט־פאַרוואַלטונג (מאַ־גיסטראַט) באַשטייט פון זעקס פּערזאָן: דער בירגערמייסטער, זיין פאַרטרעטער און 4 אַסעסאָרן. נאָר $1/3$ פון די זעקס איז געווילט געוואָרן צווישן יידן און $2/3$ — צווישן ניט־יידן. אין פּשעמישל איז אויסגעקומען צוויי יידישע אַסעסאָרן. אין אַנדערע שטעט, מיט א גרעסערן פּראָצענט יידישע איינוווינער, זענען געווילט געוואָרן א יידישער וויצע־בירגערמייסטער און איין יידישער אַסעסאָר.

בנוגע דער קהילה, איז דאָס וואַל־רעכט צו איר אָנפירנדיקן ראַט געווען אָפּהענגיק פון דער צאָל שטייער־צאָלערס. פּשעמישל, למשל, האָט אין די לעצטע יאָרן ערב דעם ערשטן וועלט־קריג, געהאַט 1.200 וויילערס אויף 18.000 נפשות, וואָס האָבן געהערט צו דער קהילה (צוזאַמען מיט די דערפער).

## יג

דאָס יאָר 1907 האָט געגעבן די עסטרייכישע, און במילא אויך — די פּשעמישלער בירגער, אַלגעמיינע וואַל־רעכט, אומאָפּהענגיק פון יאָ אָדער ניט צאָלן שטייערן. דערמיט איז אָבער פאַר־

קלענערט געוואָרן דער יידישער איינפלוס אויף די וואלן. פונדעסטוועגן איז גראָד אין יענער צייט געוויילט געוואָרן אין פשעמישל דער ייד הערמאַן ליבערמאַן. אמת, ניט אויף קיין יידישער וואל־ליסטע.

אין דעם קורצן געשיכטלעכן איבערבליק האָבן מיר ניט געקענט באהאנדלען די געשטאלט פון עסקן משה שיינבאך, וואָס האָט אין משך פון עטלעכע צוואַנציק יאָר, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, געהאט א גרויסן איינפלוס אויפן מוניציפּאלן און קהילה־לעבן אין שטאָט. מיר באַגנוגענען זיך בלויז מיטן דערמאָנען זיין נאָמען.

מיר ווילן נאָך צוגעבן, אז אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער צייט, האָט פשעמישל געהאט פאָלגענדיקע צאָלן יידן: אין 1870 — 5692 (38.1%); אין 1880 — 7645 (34.7%); אין 1890 — 10998 (31.2%); אין 1900 — 14109 (30.4%); 1910 — 16062 (29.7%). די ציפערן אין די קלאמערן ווייזן דעם פּראָצענט יידן פון דער גאנצער שטאָטישער באפעלקערונג, אריינגערעכנט דאָס מיליטער און אָפיצירן מיט זייערע פאמיליעס. אזוי ווי דער פשעמישלער גארניזאָן איז געווען 4—5 מאָל אזוי גרויס ווי אין די גרעסטע גאליצישע שטעט (אויסער לעמבערג און קראָקע) איז צו פארשטיין דעם נידעריקן פּראָצענט יידן אין פארגלייך מיט אנדערע גאליצישע שטעט.

## געשיכטע פון יידן אין פשעמישל אין די יארן 1914—1939 *

אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין 1914, האָט שוין פשעמישל פארנומען די הויפט־קעפּ אין די צייטונגען. די שטאָט האָט אדורכגעמאכט צוויי באלאגערונגען און צוליבן הונגער — געמוזט קאפּיטולירן דעם 22טן מערץ 1915. דער רוב איינוווינער פון שטאָט איז עוואקואירט געוואָרן פאר דער באלאגערונג קיין מערב עסטרייך, דאקעגן דער קלענערער טייל, דער עיקר יידן, זענען געבליבן אין פשעמישל. מיטן דעראָבערן דורך די רוסן די שטאָט, זענען די יידן פארטריבן געוואָרן (בראש מיטן הרב שמעלקיש און וויצע־פּאָרזיצער פון דער קהילה, משה שיינבאך). אין יוני 1915 איז פשעמישל צוריק אָפּגענומען געוואָרן דורך די עסטרייכער און דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאליזירן.

טראָץ דעם מלחמה־צושטאנד אין שטאָט, האָט דאָס ציוניסטישע לעבן זיך דאָרט ניט אָפּגעשטעלט. די טרייב־קראפט פאר דער טעטיקייט זענען געווען די גרויסע צאָל יידישע אָפיצירן אין דער עסטרייכישער ארמיי, מיט ציוניסטישע אָנשויאונגען, וועלכע האָבן געדינט אין פשעמישל. אין די עצם מלחמה־טעג איז געגרינדעט געוואָרן און האָט זיך אנטוויקלט א ציוניסטישע יוגנט־באוועגונג „השומר״, וועלכע האָט דאמאָלט געהאט צו פארצייכענען גרויסע דערפאָלגן. ס'איז אויך געפירט געוואָרן א ברייטע סאָציאַלע הילפס־טעטיקייט צווישן דער יידישער באפעלקערונג און צווישן די יידישע זעלנער וועלכע האָבן געדינט אין שטאָט, ווי אויך צווישן די פראָנט־זעלנער,



קרן־קיימת קאָמיטעט, 1917 — ועד קרן הקיימת, 1917 — Keren Kayemeth committee 1917

*) א קירצונג פון עברית־טייל פון בוך.

וועמענס צאָל איז כסדר פאַרקלענערט געוואָרן, ווייל פיל פּשעמישלער יידישע יונגעלייט זענען געפאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער.

דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־קריג און דאָס איבערגיין פון דער עסטרייכישער צו דער פּוילישער מאַכט — האָט פּשעמישל אָנגעהויבן מיט א רעוואָלוציאָנערן שריט. ציוניסטיש־געשטימטע יידישע אָפיצירן האָבן צעטריבן די רעאַקציאָנערע קהילה און פּראָקלאַמירט דאָס גרינדן פון א יידישן פאָלקסראַט אויף איר אָרט. בראש פון פאָלקסראַט איז אוועקגעשטעלט געוואָרן דער באַוווּסטער פּועלי־ציון טוער ד״ר מאַקס ראָזענפעלד. און נאָך זיין פריצייטיקן טויט — דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט ד״ר לייב לאַנדאַו.

דער ערשטער שריט פון פאָלקסראַט איז געווען: שאַפן א זעלבסטשוץ אונטער דער אָנפירונג פון די אָפיצירן ד״ר אייזנער און צבי לופט. דער פאָלקסראַט האָט עקזיסטירט ביז די קהילה־וואַלן אין יאָר 1925.

אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פאָרגעקומען א ראַדיקאַלע ענדערונג. די יידישע באַפעלקערונג אין פּשעמישל איז אויפגעטרעטן ווי א קאָנסאָלידירטער, נאַציאָנאַלער כוח וואָס קעמפט פאַר זיינע רעכט. צום פּוילישן סיים


דער פּשעמישלער ייד

אפענער בריעף פון הרה״ג ר׳ גדלי׳ שמעלקעס.

ערשטע ציוניסטישע צייטונג אין פּשעמישל, 1919.
השבועון הציוני הראשון בפשמישל, 1919
The first Zionist weekly in Przemyśl 1919

איז אין פּשעמישל אויסגעקליבן געוואָרן דער ציוניסטישער דעפּוטאַט משה פראָסטיג, הגם ד״ר הערמאַן ליבערמאַן האָט נאָך געצויגן א סך יידישע שטימען.

אויך אין שטאָטראַט האָט דער נאַציאָנאַל־יידישער בלאָק געהאַט צו פאַרצייכענען א נצחון. ד״ר העַנריק רייכמאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן אלס וויצע־בירגערמייסטער און ווילהעלם האַספעל — אלס לאַווניק.

בכלל איז אויף דער יידישער גאַס פאָרגעקומען א ראַדיקאַלע ענדערונג. די וואַלן צו דער יידישער קהילה זענען איצט געווען פרייע, אָן דרוק מצד גבאים און „שיינע יידן״. אלס פאָרזיצער פון קהילה־ראַט האָבן אַמטירט ד״ר לייב לאַנדאַו, שמואל באַב״ד פון דער אגודת ישראל און דער לעצטער ראש־הקהל איז געווען — דער ציוניסט ד״ר יעקב רעבהאַן.

די ציוניסטישע מחנה אין שטאָט איז זייער פונאַנדערגעוואַקסן. די אַלגעמיינע ציוניסטן, פּועלי־ציון, רעוויזיאָניסטן און „מזרחי״, מיט זייערע יוגנט־באַוועגונגען, האָבן געפירט א ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט. וואַלן צו א ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן אין פּשעמישל געהאַט א ניט



סיום־פייערונג אינעם איבונגסלאגער פון בית״ר אין קאָנקאָווצע
טכס סיום במחנה אימונים של בית״ר בקונקובצה
Celebration at ending of a "Betar" training camp in Kuńkowce

קלענערן אָפקלאַנג און פארנעם, ווי די וואלן צום פוילישן סיים. די העברעישע שפּראך איז באנוצט געוואָרן דורך זייער א סך. הונדערטער חלוצים פון אלע ציוניסטישע שאטירונגען, האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

אין שטאָט זענען געווען טעטיק פיל קולטור־אינסטיטוציעס, צווישן זיי — א העברעישע פאָלקס־שול און העברעישע גימנאזיע, מיט הונדערטער תלמידים. עס זענען אנטשטאנען דער־ציאונגס־אנשטאלטן פאר פראָדוקטיוויזאציע, א פאך־שול פאר יידישע מיידלעך און א בורסע (אינטערנאט) פאר לערניינגלעך. די בורסע איז געשאפן געוואָרן אויף דער איניציאטיוו פונעם האנטווערקער־פאראיין „יד חרוצים".

אויך רעליגיעזע שולן און ישיבות האָבן ניט געפעלט אין פשעמישל.

דער פאראיין „יובל", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919, האָט געפלעגט טעאטראלישע און מוזיקאלישע קולטור, געשטעלט יידישע פיעסן מיט גרויס דערפאָלג. צווישן זיי — אנסקיס „דיבוק".ברייטע קרייזן פון דער יידישער יוגנט זענען באאיינפלוסט געוואָרן פון דער קולטור־טעטיקייט פון „יובל".

קלאָר, אז אויך די פיזישע דערציאונג איז ניט פארנאכ־לעסיקט געוואָרן. דער ספּאָרט־פאראיין „הגיבור" (געגרינדעט אין 1919) האָט געציילט הונדערטער מיטגלידער און געווען טעטיק אין אלע צווייגן פון ספּאָרט.

די יידישע פשעמישל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פּרעכטיקע געזונטהייט־אינסטיטוציעס און חברהס פאר וווּיל־



יוסף נעגער, פון די „יובל"־טוער
יוסף נגר, מעסקני „יובל"
Joseph Neger
"Juval" music teacher



**שילערינס פון דער פאך־שול פאר מיידלעך, 1924**
**תלמידות בית הספר המקצועי לבנות, 1924**
Girl-students of art & craft school, 1924

**טעטיקע צוועקן. דאָס יידישע שפיטאָל וואָס איז באַנייט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געשמט אויף גאַנץ גאַליציע מיט איר הויכן ניווא און טריי באַדינט די יידישע באַפעלקערונג. אויך די געזעלשאַפט „טאָז" האָט אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון געזונטהייט און היגיענע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס יתומים־הויז און דער מושב־זקנים זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן אַ דאַנק די שפּענדונגען פון פּשעמישלער יידן.**

**מען האָט אויך נישט פאַרגעסן אַרויסצווייזן הילף דער זיך לערנדיקער און שטודירנדיקער יוגנט. די אַבסאָלווענטן פון די מיטלשולן און סטודענטן האָבן אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם „צווייי־קרייצער פאַראיין" („דוווּצענטוווּקאַ") און דער אַקאַדעמישער זעלבסטהילף („סאַמאָפּאָמאָץ אַקאַדעמיצקאַ").**

**דאַקעגן איז אויפן עקאָנאָמישן געביט געווען צו פאַרצייכענען אַ געוויסע ירידה. פּשעמישל האָט אויפגעהערט צו זיין אַ האַנדלס־צענטער און אָרט פאַר מיליטערישע ליפערונגען, ווי זי איז עס געווען ביי די עסטרייכער, צוליב דער מיליטערישער פעסטונג אין שטאָט. נאָר שפּעטער האָט ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די אינדוסטריע און האַנטווערקעריי. די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז כסדר פאַרערגערט געוואָרן. פאַרשידענע גזירות און די שטייערן־פּאָליטיק, וועמענס ציל איז געווען צו שיקאַנירן און פאַראָרעמען די יידישע באַפעלקערונג, האָבן זיך געטאָן זייערס. די מלחמה פאַרן יידישן קיום איז געווען אַ האַרבע. כדי פאַרטיידיקן די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּאָזיציעס, זענען אַנטשטאַנען אַ ריי אָרגאַניזאַציעס און אינסטי־טוציעס פאַר קעגנזייטיקער הילף, ווי די באַנק פאַר האַנדל און אינדוסטריע, האַנטווערקער־באַנק,**

גמילות־חסדים קאסעס, דער סוחרים־פאראיין, קליינהענדלער־פארבאנד, בעלי־מלאכות „יד חרוצים”, אָנגעשטעלטע־פאראיין און אנדערע.

אין די לעצטע יאָרן פארן חורבן איז די לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג געוואָרן אומדערטרעגלעך. אנטיסעמיטישע פיקעטן ביי די יידישע געשעפטן, דער שחיטה־פארבאָט און די פרשה זבאָנשין — האָבן פארסמט די לופט אין שטאָט. דאָס זענען געווען די ערשטע ווינטן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט דעם בייזן שטורעם וואָס האָט חרוב געמאכט דעם יידישן ישוב אין פשעמישל, וועלכער האָט עקזיסטירט הונדערטער יאָרן...

# POLACY-KATOLICY!

Zbliża się okres wzmożonych zakupów przedświątecznych!

**Hasłem wszystkich Polaków i Polek:**

## Święta bez żydów!

**Przy tradycyjnym, chrześcijańskim stole wigilijnym i na drzewku wszystko z firm polskich i chrześcijańskich!**

**Dziś już całe społeczeństwo polskie rozumie dobrze rozkładową robotę żydo-komuny!**

**Dzięki zdecydowanej postawie większości już Polaków, powstały dziesiątki tysięcy nowych placówek chrześcijańskich!**

## Polacy i Polki!

**Kupujcie na święta, jak zawsze wszystko u Polaków! Ich tylko popierajcie! Żądajcie wszędzie prawdziwie polskich, chrześcijańskich wyrobów!**

**To hasło przykute w czyn całego Narodu, odzyidzi nasze miasta, da chleb i pracę masom bezrobotnej naszej braci!**

**Grosz żydowi — zbrodnią wobec Narodu!!**

**Polak popiera Polaka!!**

**Zwycięstwo już bliskie! Od Was zależy rychłe nadejście: Wielkiej, Katolickiej i Narodowej Polski!**

**TOW. „SAMOOBRONA"**

אנטיסעמיטישע פלוגבלעטלעך וועלכע זענען פארטיילט געוואָרן פאר די יידישע געשעפטן, 1938

עלונים אנטי־יהודיים שחולקו לפני חנויות יהודיות, 1938

Leaflets circulated by antisemitic pickets in front of Jewish shops 1938

ד. נ.

# שולן, בתי-מדרשים, קלייזלעך און מנינים אין פשעמישל

## די אלטע שול

דער הויפט־בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן פון שטיין, אין יאָר 1594. שפּעטער זענען צוגעקומען א זאל פאר דער ישיבה, א זיצונגס־זאל און דער שניידער־מנין. אויפן הויף איז דערנאָך געווען א „ספרדיש" און אן „אשכנזיש" מנין. אין פּאָליש ביים הויפט־זאל פלעגט נאָך פאר דער צעטיילונג פון פוילן, זיך צונויפקומען א בית־דין (ס'זענען דעמאָלט געווען צוויי בתי־דין אין פשעמישל). אין א שטיבל, ווו מע האָט געמוזט ארויפגיין עטלעכע טרעפּלעך און ווו מען האָט געקענט זיך וואשן די הענט, איז א מאָל געווען די „קונע". דאָרט האָט מען נאָך אין דער פּאָר־עסטרייכישער צייט אָנגעבונדען יידן, וואָס האָבן זיך פארזינדיקט קעגן דער קהילה.

די פאסאדע פון דער שול איז נישט געווען שיין, ווייל די קירכע האָט נישט צוגעלאָזט, אז א בית־הכנסת זאָל שיין אויסזען. צוליב דעם זענען אויך די פענצטער געווען פּראָסטע.

אין יאָר 1840 איז דער גרויסער זאל פונדאַסניי געמאָלט געוואָרן, נאָר פון קינסטלערישן שטאנדפונקט — אָן שום ווערט.

ערשט נאָך אן אונטערזוכונג פון די מלוכהשע קאָנסערוואטאָרן אין יאָר 1911, איז אָנגענומען געוואָרן די מיינונג, אז ס'איז נישט גענוג אָפּצוהיטן דעם שיינעם, אלטן בוי־סטיל פון אינעווייניק, נאָר מע דארף אויך פארשענערן דעם אויסערלעכן אויסזען פון דער שול. דעמאָלט האָט מען טאקע פארשענערט די פאסאדע.

אין דער אלטער שול האָט דער רב געהאלטן יעדעס יאָר צוויי דרשות. דאָ האָט מען יעדעס יאָר, ערב ר"ח ניסן, געזאָגט סליחות לזכר ר' משה שמוקלער, וועלכן מע האָט פארברענט אין יאָר 1630.

אין דער צווייטער העלפט פון דעם 19טן יאָרהונדערט, איז הויפט־גבאי געווען ר' יצחק בלומענפעלד. אָנהייב 20טן יאָרהונדערט האָט דעם אמט פארנומען איינער פון דער משפחה גאנז.



אריינגאנג אין דער אלטער שול
שער הכניסה לבית הכנסת העתיק
Entrance gate to ancient Synagogue

א סך יאָרן ביזן אָנהייב פון די 90ער יאָרן, איז געווען חזן אין שול דער באַליבטער סטראַקי (דער פאַטער). נאָך זיין טויט האָט זיך אָנגעהויבן א ליידנשאַפטלעכע מלחמה צווישן די אָנהענגער פון א זון פונעם פאַרשטאָרבענעם און צווישן די אָנהענגער פון דעם חזן שעכטער, וואָס האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד. געזיגט האָט די „סטראַקי־פּאַרטיי". די שעכטער־אָנהענגער האָבן דעמאָלט פאַרלאָזט די שול און זיך איינגעאָרדנט א נייע שול אין ליפּערס־הויז און שפּעטער אנגאַזשירט א זייער מוזיקאַלישן חזן, פּראַכטענבערג. פון דער דאָזיקער שול איז געקומען די איניציאַטיוו צו גרינדן די „נייע שול" אויף דער סלאָוואַצקי־גאַס.

אויף דער איניציאַטיוו פון דעם הויפּט־גבאי ר' חיים קלאַגסבאַלד, האָט מען נאָכן ערשטן וועלט־קריג אָנגעהויבן קינסטלעריש צו פאַרשענערן דעם אינעווייניקסטן טייל פון דער אַלטער שול. ווען די אַרבעט איז שוין געווען ביים סוף, איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. די שול איז אין די ערשטע טעג פון קריג פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשן. היינט איז אפילו נישטאָ קיין זכר פון דער שול.

## דאָס קליינע בית המדרש

נישט באַקאַנט, ווען ס'איז אויפגעבויט געוואָרן. ווי ווייט מע געדענקט, זענען די טויערן פונעם בית המדרש געווען אָפן נאָך פאַרן זון־אויפגאַנג, באַזונדערס צוליב די יידן פון דער



די אַלטע שול געזען פון דער יאַגיעללאָנסקע גאַס
חזית של בית הכנסת העתיק מצד רחוב יגולונסקה
Front of ancient Synagogue at Jagiellonskastreet



ארון־קודש אין דער אלטער שול
ארון הקודש בבית הכנסת העתיק
The holy ark in the ancient Synagogue

פראָווינץ, וואָס זענען באַגינען געקומען קיין פשעמישל מיט זייערע וועגענער מיט סחורה, וועלכע זיי האָבן באַדאַרפט אָפּליפערן אין דער שטאָט, אָדער כדי צו קויפן סחורות. דערוויילן האָבן זיי זיך געקענט דערוואַרעמען אין בית־המדרש. אויך ביינאַכט איז דאָרט געווען ליכטיק. זינט דעם יאָר 1916, איז דאָרט אומזיסט פאַרטיילט געוואָרן הייסע טיי מיט צוקער לכל דיכפין, א זאַך וואָס איז דעמאָלט שווער געווען צו באַקומען. אין דעם בית־המדרש האָט זיך געפונען די „חברת לינה" וואָס האָט פאַרזאָרגט אָרעמע קראַנקע מיט א נעכטיקער און בייזיצער.

אין דעם בית־המדרש זענען געקומען דאַוונען באַקאַנטע למדנים און חשובע סוחרים. דער הויפּט־פאַרזאָרגער איז געווען א געוויסע צייט דער שלאָסער־מייסטער משה גאָלדפאַרב.

## דאס גרויסע בית המדרש

אויפגעבויט אין 1700 דורך ר' יצחק, דער פאָטער און ר' נתן — דער ברודער פון ר' אנשל אשר, מחבר פון „שמנה לחמו". דער בנין האָט געהאַט עטלעכע שטאָק: אין פּאַרטער זענען געווען געוועלבן, אויפן ערשטן שטאָק — דאָס בית־המדרש; העכער האָבן זיך געפונען פּריוואַטע דירות. ר' אנשל איז צוערשט געווען א רב אין שטעטל זאַסלאַוו, דערנאָך מגיד און דרשן אין בית־המדרש אין פשעמישל. אין יאָר 1906 איז דער בנין איינגעפאַלן און אין יאָר 1910 איז ער פונדאַסניי אויפגעשטעלט געוואָרן. אין דעם בית־המדרש האָט געהאַלטן דרשות און געלערנט מיט דעם עולם ר' יאַנקעלע הירשפעלד, דער פאָטער פון דעם ראַבינער אין ביאַלע, ד"ר שמואל הירשפעלד.

## די גרויסע קלויז און קלייזלעך

אין דער גרויסער קלויז האָבן געדאַוונט די בעלזער, בלוזשיווער, בוקאָסקער, און פריער — אויך די סאַנדזער און שיניאַווער חסידים. אזוי ווי די סאַנדזער און שיניאַווער האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן דעם עול פון די בעלזער, האָבן זיי שפּעטער זיך איינגעאָרדנט אין הויז פון נטע טייך אויף דער סערבאַנסקע גאַס א באַזונדער קלייזל. אין שטאָט זענען נאָך געווען אויך אַנדערע קלייזלעך: פון די סאַסעווער, באַיאַנער, הוסיאַטינער און טשאָרטקאָווער. פון צייט צו צייט פלעגן קומען קיין פשעמישל, נאָך פאַרן ערשטן וועלטקריג און שפּעטער, אדמו"רים צו זייערע חסידים (למשל: פון סאַסאָוו און בוקאָווסק). די קלויז־חסידים האָבן קיינמאָל נישט דערלויבט, אז עמיצער פון זיי זאָל זיך נישט אויפפירן ווי געהעריק אין זיין פּריוואַטן לעבן. קוים האָט זיך איינער פאַר־זינדיקט, האָט מען אים בחרפה ובבושה אַרויסגעוואָרפן פון דער גרויסער קלויז.

## די נייע שול אויף דער סלאַוואַצקי־גאַס

מע האָט זי אויך גערופן די שיינבאַך־שול, ווייל משה שיינבאַך פון דער קהילה, וואָס האָט געהאַט א גרויסן איינפלוס אין מאַגיסטראַט, האָט נאָך פאַרן ערשטן וועלטקריג אַרויסבאַקומען פאַר דעם געפּלאַנטן בוי בכבודיקע סובווענצן. נישט נאָר פון דער יידישער „אַלטער באַנק", נאָר אויך פונעם מאַגיסטראַט און פון דער שטאָטישער שפּאָרקאַסע. גלייך פון אָנהייב איז געווען פּלאַנירט אַן אימפּאַזאַנטער בנין, אָבער נאָך דעם ווי ר'איז אויפגעבויט געוואָרן (לויטן פּלאַן פון א באַקאַנטן, נישט־יידישן אַרכיטעקט), איז ער גאָר נישט אזוי שיין אַרויסגעקומען. דער בוי, ווי אויך די איינריכטונג, זענען פאַרענדיקט געוואָרן אין די יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. די ווענט און סופיט־מאָלערייען זענען אויסגעפירט געוואָרן לויט די פּלענער פון דעם אַקאַדעמיקער־מאָלער, פּראָפ. בינענשטאָק, וועלכער האָט אויך געצייכנט די וויטראַזשן. בסך־הכל איז דאָס געווען א שיינע אַרבעט. די שול איז פון די דייטשן אויסגעבערעגט געוואָרן נאָך פון אינעווייניק. אָבער די געביידע איז געבליבן און דינט היינט אלס... מאַגאַזין פאַר טעקסטיל־אויסאַרבייטונגען.



וויטראזש אין דער נייער (שיינבאכס) שול
ויטראג׳ בבית הכנסת החדש (שינבך)
Stained glass window in the new Synagogue

## דער „טעמפל״

אויפגעבויט אין די יאָרן 1886־90, אויף דער איניציאַטיוו פון „פאָרשריטלעכע״ יידן (ניט קיין „רעפאָרם״־אָנהענגער, וועלכע האָבן נישט געהאט בדעה איבערצוררייסן מיט דער יידישער טראַדיציע. זיי האָבן פשוט געוואָלט אויפבויען א מאָדערנע שול, אין מערב־אייראָפּעישן סטיל, און נישט געטראכט משנה צו זיין די תפילות און זייער נוסח).

פונדעסטוועגן האָט עס דאָך אנדערש אויסגעזען אין דעם „טעמפל״. אין אָנהייב איז נישט געווען קיין בעלעמער, אָבער דאָס איז געענדערט געוואָרן צוליב דעם רב ר׳ גדליה שמעלקיש. אין דער „עזרת נשים״ זענען נישט געווען קיין פאָרהענגלעך. דער חזן און כאָר זענען געווען אָנגעטאָן אין שווארצע טאלארן און די תפילות האָבן זיך געפירט ווי אין די ווינער טעמפלען. דאביי האָט מען שטארק אכטונג געגעבן, עס זאָל זיין אָרדענונג און רו.

אָנפירער און איניציאַטאָר פון דעם „טעמפל־פאראיין״ איז געווען יעקב רייזנער. ער האָט זיך באמיט צונויפברענגען די נייטיקע געלטער פארן בוי און אנדערע אויסגאבן. דער שמש ר׳ אליהו זינגער האָט אכטונג געגעבן ס׳זאָל אלץ קלאפּן, ווי ס׳געהער צו זיין אין א טעמפל. זיין זון מאיר איז דאָרט לאנגע יאָרן געווען חזן (קאנטאָר) און זיין שווער, יצחק פאָגעל — „בעל קורא״. דער כאָר האָט געזונגען לויט די מעלאָדיעס פון סולצער, לעוואנדאָווסקי, געצנוי ווי אין אנדערע טעמפלען. ר׳ פנחס לויטערבאך האָט געהאט א חזקה אויף שחרית און נעילה אין די ימים־נוראים, און אויך אויף טל־וגשם. צוליב זיינע שיין טראדיציאָנעלע תפילות איז ער געווען זייער באליבט. אביגדור מערמעלשטיין איז א לאנגע צייט געווען „בעל תוקע״. אין די פוילישע צייטן איז ד״ר שווארץ געווען דער הויפּט־גבאי אין טעמפל.

סוף חודש סעפּטעמבער 1939, איז דער טעמפל פארברענט געוואָרן דורך די דייטשן, אײדער זיי האָבן איבערגעגעבן די שטאָט אין די הענט פון די רוסן.

## די זאסאניער שול

הגם אין זאסאניע זענען געווען ווייניק יידן, האָבן זיי דאָך באוויזן אויפצובויען מיט אייגענע מיטלען א שול. אין יאָר 1895 איז די שול געווען פארטיק און עס זענען דאָרט געקומען דאווענען נישט נאָר זאסאניער יידן, נאָר אויך די וואָס האָבן געוווינט אויף דער אנדערער זייט סאַן, ביים ברעג. די שול שטייט נאָך היינט, נאָר ווערט באנוצט אלס מאגאזין.

## מנינים

שילעכלעך זענען געווען אין דער גרויסער שול און אין דער גרויסער קלויז. באקאנט איז געווען דאָס קלייזל פון משה הירט, ווו מע האָט געקענט דאווענען שחרית פון אין דער פרי ביז 12 באטאָג.

באקאנט זענען געווען די מנינים פון די פאמיליעס בלעך און בערנשטיין אויף דער מיצקיעוויטשא גאס. די מנינים פון טייך און פונעם רב שמעלקיש אויף דער סלאָוואצקי גאס.

ווייטער — דער מנין פון פישל נאגעל אויף דער טארגאָוויצע, פון פעפער — אויף דער באשטאָווא, דער מנין פון גאָליגער אויף דער וויגאָדא — און אנדערע.



הרבי מבויאן בגן ה„טירה" בפשמישל
דער בויאנער רבי „אויפן שלאָס" אין פשעמישל
The Rabbi of Boyan at visit in Przemyśl

חנן טראו, דב ניצני

# הרב גדליה (געדאלטשע) שמעלקיש



Rabbi Gedalia Schmelkes

הרב גדליה שמעלקיש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1857. ער שטאמט פון א בארימטער רבנישער משפחה. זיין פאָטער מרדכי, וועלכער האָט באלאנגט צום ערשטן קרייז פון ציון־אָנהענגער אין פשעמישל, איז געווען דער זון פון ר׳ חיים־שמואל שמעלקיש און דער ברודער פון ר׳ יצחק שמעלקיש, וועלכער האָט אין משך פון 24 יאָר אין פשעמישל און 13 יאָר אין לעמבערג פארנומען דעם רבנות־אמט. דער לעצטער איז געווען א באוווּסטע רבנישע וועלט־קאפאציטעט, זיינע תלמידים זענען דערנאָך בארימט געוואָרן מיט זייער לומדות. אויך דער יונגער געדאלטשע, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט א גלענצנדיקן זכרון און פעיקייט אויפצונעמען דאָס געלערנטע, האָט זיך שנעל צוגעאייגנט אן אלזייטיק תלמודיש וויסן און געקרוינט געוואָרן, אין זייער פריען עלטער, מיטן נאָמען עילוי. הגם דער פעטער האָט אים געגעבן סמיכות אויף רב, האָט אָבער ר׳ גדליהו געטראכט צו ווידמען זיך דעם מסחר, ווי זיין פאָטער. אָבער דער פלאַן איז ניט רעאליזירט געוואָרן. ער האָט חתונה געהאט קיין טאָרנע, מיט דער טאָכטער פון בעריש זילבער. אין יענעם הויז איז ער אייניקע יאָר געווען אויף קעסט, נאָר דערביי זיך פארפולקאָמט אין לערנען פון תלמוד.

אומקערנדיק זיך קיין פשעמישל, האָט ער דאָ א געוויסע צייט זיך פארנומען מיט האנדל. אָבער נאָך א דורכפאל, האָט ער באשלאָסן אָנצונעמען א רבנישן אמט. דאָס געזעץ האָט דאמאָלט געפאָדערט, אז דער וואָס רעפלעקטירט צו זיין רב, אין א גרעסערער גאליצישער שטאָט, מוז האָבן מאטורע. ער דערגרייכט זי אין א פארהעלטניסמעסיק קורצע צייט. גראָד איז דעמאָלט פריי געוואָרן אין פשעמישל דער כסא הרבנות. נאָר די חסידים זענען קעגן זיין קאנדידאטור, צוליב דער... וועלטלעכער בילדונג פון ר׳ גדליהו. ער ווערט בלויז אויפגענומען אלס לייטער פון ראבינאט — אָבער נישט אלס אב בית־דין. טיף געקרענקט דערפון, האָט ער מיט צופרידנקייט אָנגענומען אין יאָר 1898 דעם אים אָנגעבאָטענעם ראבינער־אמט אין קאָלאָמיי. אויך דאָ שטויסט ער זיך אָן אויף פארשידענע אינטריגעס און מכשולים, וועלכע פארביטערן אים דאָס לעבן.

די בענקשאַפט נאָך פּשעמישל ווו ער האָט געהאַט זיינע אָנהענגער און ווו זיינע עלטערן האָבן יאָרן־לאַנג געוווינט, האָבן אים געהאָלפן גובר זיין אַלע שוועריקייטן — און אין יאָר 1904 ווערט ער דורך דער קהילה אויסגעקליבן אַלס רב און אויך אב בית־דין.

אין אַבסאָלוטן קעגנזאַץ צו דעם איינגעשטעלטן מינהג צו געבן דעם רב געלט־מתנות אויף משפחה־שמחות, פּלעגט ער זיך אָפּזאָגן זיי אָנצונעמען. אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון אגודת ישראל אין קאַטאָוויץ (1912), שליסט ער זיך אָן אין דער מיינונג וועגן אָפּשאַפן דעם אָפּצאָל פאַר רח״ש (רב, חזן, שמש), דורך דעם בעל־שמחה. הרב שמעלקיש האָט געהאַלטן, אַז דער אָפּצאָל דאַרף געגעבן ווערן די פאַראינטערעסירטע דירעקט פון דער קהילה־קאַסע.

נישט ווי אַנדערע רבנים, האָט הרב גדליה ניט געוואָלט זיין אַ ווערקצייג אין די הענט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אויף צו באַאיינפלוסן די יידישע באַפעלקערונג ווי אַזוי שטימען ביי וואַלן צום פּאַרלאַמענט אָדער גמינע־ראַט. ער בלייבט טריי זיינע איבערצייגונגען אין אַלגעמיינע, ווי אין נאַציאָנאַלע פראַגן. ווי נאָר ס׳איז אין גאַליציע אַנטשטאַנען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, שליסט ער זיך אין איר אָן. ער האָט פיל בייגעשטייערט צו דער גרינדונג פון „מזרחי״. אַ דאַנק אים איז אויסגעמיטן געוואָרן דאָס אָפּרייסן זיך פון „מזרחי״ פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז באַזונדערס געוואָרן אַקטועל אין די לעצטע יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. הרב שמעלקיש ווערט אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַמבורג (1909) און אין באַזעל (1911). אין זיין וואָרט אין דער דעבאַטע אויפן באַזעלער קאָנגרעס, האָט ער זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דער באַדייטונג פון דער רעליגיע פאַר דער ציוניסטישער טעאָריע און פּראַקטיק.

אַ דאַנק זיינע זעלטענע אייגנשאַפטן און מעלות טובות, איז ער געווען באַליבט ביי דער יידישער באַפעלקערונג, אַריינגערעכנט אויך די „פאָרגעשריטענע״. אים צוליב, האָבן די בעלי־בתים געענדערט דעם בוי פון טעמפּל אַזוי, אַז דער בעלעמער זאָל ניט זיין ביים ארון־קדוש.

ביי די צוגאַב־וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1906, האָבן די ציוניסטן אַרויסגעשטעלט דעם באַרימטן אַדאָלף שטאַנד, אַלס זייערן אַ קאַנדידאַט אין קרייז בראָדי־זלאָטשוו. הרב שמעלקיש האָט אַלס רב זיך נישט גערעכנט מיט די געפאַרן וועלכע דראָען אים און איז אַקטיוו אַרויסגעטראָטן לטובת דעם ציוניסטישן קאַנדידאַט, אָנגרייפנדיק דערביי די קאַנדידאַטור פון די אַסימילאַטאָרן, וועלכע איז געשטיצט געוואָרן דורך דער רעגירונג. ביי די פּאַרלאַמענט־וואַלן אין יאָר 1907 האָט הרב שמעלקיש מוותר געווען פון זיין קאַנדידאַטור אינעם וואַל־קרייז בוטשאַטש־טלומאַטש לטובת דער קאַנדידאַטור פון נתן בירנבוים. דאַקעגן האָט ער מסכים געווען צו קאַנדידירן אינעם וואַל־קרייז מיעלעץ־טאַרנאָבזשעג, ווו זיינע שאַנסן זענען געווען אומרעאַלע, אַנטקעגן דער קאַנדידאַטור פון ד״ר באָבזשינסקי, צוקונפטיקער שטאַטהאַלטער פון גאַליציע. געזיגט האָט דער רעגירונגס־קאַנדידאַט ד״ר באָבזשינסקי — אָבער מיט זיין האַלטונג, האָט הרב שמעלקיש אַ סך אויפגעטאָן פאַרן יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּשעמישל ווערט עוואַקויִרט, האַלט הרב גדליהו פאַר זיין חוב נישט צו פאַרלאָזן די שטאָט און זיינע יידן. ער בלייבט אויפן אָרט און אויף זיין אַמט. ער טיילט די ליידן פון דער באַלאַגערטער פעסטונג. די רוסישע דעראָבערער מאַכן אים שפּעטער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מעשים פון די פּשעמישלער יידן און אים קומט אויס פיל מאָל צו אינטערוועניִרן ביי דער רוסישער קאָמענדאַנטור. ליידער, זיינע באַמיאונגען צו פאַרמיידן די גזירה פון גירוש — בלייבן אָן דערפאָלג. ער פאַרלאָזט מיט די לעצטע יידן די שטאָט.

אַז די עסטרייכער האָבן צוריק דעראָבערט פּשעמישל, האָט הרב שמעלקיש צוזאַמען מיט אַנדערע יידן, זיך אומגעקערט אין שטאָט. צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, פאָרט ער אַרויס

זיך היילן קיין ווין, ווו ס'האָבן זיך דאַן געפונען פיל יידישע פליטים, וועלכע האָבן געלעבט אין גרויס נויט.

אין יאָר 1917 קערט זיך אום הרב שמעלקיש קיין פּשעמישל. דעם 1.11.1918 ווערט ער נאָמינירט פונעם יידישן אָפּיצירן־קאָמיטעט אלס מיטגליד פון „יידישן פאָלקס־ראַט״, וועלכער האָט דאַמאָלט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער קהילה. אויסער די געוויינלעכע קהילה־אויפגאַבן, האָט דער פאָלקס־ראַט געמוזט אויך זיך מטפל זיין מיט ענינים פון גרענעצאַל צווישן די פּאָליאַקן און אוקראַינער.

יידישע סוחרים זענען אין יענער צייט באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרקויפן פאַר שפּעקולאַציע־פּרייזן אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. רעכענענדיק זיך מיט דער פּאָליטישער לאַגע, האָט דער רב געפונען פאַר נייטיק אויסצורופן א חרם קעגן די סוחרים וואָס האַלטן זיך ניט ביי די פּרייזן, באַשטימט דורכן חרם־קאָמיטעט. דער דאָזיקער דראַמאַטישער אַקט, באַגלייט מיט שופר בלאָזן, האָט אויף אַלע אָנוועזנדיקע אין דער גרויסער שול, איבערגעלאָזט א טיפן איינדרוק.

די שלעכטע מאַטעריעלע לאַגע דערלויבט ניט הרב שמעלקיש צו דערפילן זיין טרוים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, הגם ער האָט דערצו געשטרעבט מיטן גאַנצן האַרצן. ער איז שוין פאַרבליבן אויפן כסא־הרבנות אין פּשעמישל און אויף דער אייגענער הויט דערפילט דעם כסדר זיך פאַרשאַרפנדיקן אַנטיסעמיטיזם אין פוילן. דעם 21טן דעצעמבער 1928 איז ער נפטר געוואָרן. מ'האָט אים קובר געווען אויפן פּשעמישלער בית־עלמין. מספיד געווען האָט אים דער פּאָרזיצער פון דער יידישער קהילה, ד״ר לייב לאַנדאַו.

ר' גדליה שמעלקיש האָט דערצויגן חשובע תלמידים. ער איז געווען דער מחבר פון עטלעכע ספרים, וועלכע האָבן באַהאַנדלט רעליגיעזע און תלמודישע פּראָבלעמען. ער האָט אויך געפונען צייט צוווידמען זיך דער טעטיקייט פאַר וויזלטעטיקע צוועקן און צו עקזאַמינירן אין יידישער געשיכטע די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינטרעטן אין דער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „אגודת הרצל״.

ער איז געווען באַקאַנט מיט זיין קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער און מיט דער גרייטקייט צו העלפן יעדן איינעם וואָס האָט זיך געפונען אין א נויט, אפילו אויך די וואָס זענען געווען באַקאַנט אלס זיינע קעגנער.

זיין אַלמנה האָט אין יאָר 1931 אַרויסגעגעבן אין פּיאָטרקאָוו א טייל פון זיינע שריפטן א. נ. „אמרי רגש״.

יהושע לויבשטיין / בוענאָס־איירעס

# די יידישע ארבעטער־באַוועגונג אין פשעמישל *)

## (זכרונות פון א בונדיסט)

### פאַר דער גרינדונג פון דער זש.פ.ס.

אין די עסטרייכישע צייטן איז פשעמישל, אין אינדוסטריעלן זין, געווען א צוריקגעשטאַנענע שטאָט און במילא ניט פאַרמאָגט קיין באַדייטנדיקן פאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט, א סברה נאָך — א יידישן. די עיקר־באַשעפטיקונגען פון די יידישע ארבעטער זענען געווען: סטאָלעריי, בלעכעריי, מאַלעריי, שניידעריי, בעקערס און ענלעכע פאַכן.

אין אָנהייב פון די ניינציקער יאָרן, האָט זיך באַוויזן אין שטאָט דער ערשטער קערן פון אן אָרגאַניזירטער ארבעטער־באַוועגונג פון א געמישטן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער: פּאָליאַקן, אוקראַינער, יידן — אין די ראַמען פון דער גאַליצישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און די פּאַרטיי איז געוואָרן א טייל פון דער אַלגעמיינער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אזוי ווי די עסטרייכישע פּאַרטיי איז נישט געווען אָרגאַניזירט לויט פּראָווינצן, נאָר לויט נאַציאָנאַליטעטן, האָט זיך די גאַליצישע פּאַרטיי צעטיילט אויף א פּוילישע און אוקראַינישע, און די יידן זענען אריינגענומען געוואָרן אין דער פּוילישער פּאַרטיי, אזוי אויך די געזעלשאַפטן „ברידערלעכקייט״, וואָס זענען באַשטאַנען נאָר פון יידישע ארבעטער און אָנגעשטעלטע. אזוי איז אונטער די פליגל פון דער נייער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.ד.) געקומען אויך די פשעמישלער חברה „ברידערלעכקייט״.

אין פאַרשידענע צייטן זענען געהערט געוואָרן פּראָטעסטן קעגן אזא באַהאַנדלען די יידן, ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. ערשט אין יאָר 1905 * איז געקומען צו דער גרינדונג פון א יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע איז באַקעמפט געוואָרן פון דער פּוילישער פּאַרטיי — און וועגן דעם וועט נאָך גערעדט ווערן.

ערב דער גרינדונג פון זש.פ.ס., איז אנטשטאַנען א יוגנט־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „פּאַראייניקונג״, פון א גאָר הויכן ניוואָ. די מיטגלידער זענען אין גרעסטן טייל געווען יידישע שטודירנדיקע יוגנט, הגם דער אָרגאַניזאַציאָנעלער כאַראַקטער איז נישט געווען קיין ריין יידישער, ווייל ס׳האָבן אויך געהערט יוגנטלעכע פּאָליאַקן און אוקראַינער. די וויכטיקע נעמען, וואָס מיר דערמאָנען זיך, זענען פאָלגנדיקע: ישעיהו לאַוויס (שפּעטערדיקער טעאַטער־קריטיקער) און לודוויק גראָספעלד (שפּעטערדיקער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פשעמישלער פּ.פּ.ס. און מיניסטער אין פּוילישן קאַבינעט אין לאָנדאָן).

די דאָזיקע סטודענטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען א תיקון, ערשט ווען זי איז ארונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון דער זש.פ.ס.

---

* וועגן „בונד״ און דער ציוניסטישער ארבעטער־באַוועגונג (פּועלי־ציון און ציונ. ארב. באַוועגונג) — זע אויך עברית־טייל, ז״ז 106—111, 252—257, 288—289.

* באַמערקונג פון רעדאַקציע: מיר האָבן פאַרבעסערט די דאַטע פון מחבר, 1906 אויף 1905 — גענוי: דער ערשטער מאַי 1905, — לויט דער סטודיע פון היסטאָריקער ישראל־משה האָרן ז״ל, (תלמיד פון פּראָפ׳ יצחק בער, א. נ. „המפלגה הסוציאליסטית היהודית ז׳.פ.ס. בגליציה״ („מחקרים״, הוצ׳ ספרים מ. נוימן, תשי״א, בעריכת דב סדן, ז׳ 150). די באַהויפּטונג פון שוסהיים אין „פּנקס גאַליציע״ און פון ד״ר געלבער אין „תולדות התנועה הציונית בגליציה״, אז דאָס איז געווען אין יאָר 1906, איז א טעותדיקע.

## די גרינדונג פון דער זש.פ.ס. און דער קאמף קעגן איר

די גרינדונג פון דער פארטיי האָט איר געשיכטלעכע בארעכטיקונג און איז געקומען אלס פועל־יוצא פון דריי גורמים ; די רעוואָלוציע פון 1905 ; די השפעה פון „בונד״ אין ליטע, רוסלאנד און פוילן ; און דער ביישפּיל פון דער עסטרייכישער סאָציאליסטישער פארטיי, וואָס האָט געוואָלט געבן אן ענטפער אויף די גרויסע נאציאָנאלע פּראָבלעמען, וואָס זענען ארויסגעבראכט געוואָרן אויפן טאָג־אָרדענונג דורך די פארשידענע פעלקער פון עסטרייך. מ׳דארף אויך נישט פארגעסן דעם פּרווו פון עסטרייכישן סאָציאליסט רודאָלף שפּרינגער (קארל רענער) צו שאפן א נאציאָנאליטעטן־פּראָגראם פאר עסטרייך.

די זש.פ.ס., אלס פּאָליטישע פארטיי פון די יידישע ארבעטער, האָט באוויזן צו אָרגאניזירן כמעט אלע יידישע פאַך־פאראיינען פון שניידערס, סטאָלערס, בלעכערס, בעקערס א.א.וו. זי האָט אויך געהאט אן איינפלוס אויף דער אינטעליגענץ. אָבער שוין דעמאָלט האָט די נאציאָנאלע אָפּגעזונדערטקייט זיך געשטעלט אין פאָדערגרונט פון די פארטיי־פּראָבלעמען.

די מער אקטיווע זענען געווען : לייב לאנדאו, אברהם גאָטדאנק, אדוו׳ פרים, די ברידער־דאָקטוירים זאהן, מאוריצי אקסער.

די פּ.פּ.ס.ד. האָט געפירט א שטארקע העץ־קאמפּאניע קעגן דער זש.פּ.ס. זי האָט אָרגאניזירט אירע גרופּן, וועלכע מיר פלעגן רופן „ליבערמאנס אָנהענגער״. אויף א קאָנפערענץ פון דער פּ.פּ.ס.ד., האָט נישט קיין אנדערער ווי איגנאצי דאשינסקי אונדז באצייכנט ווי שטערערס פון דער סאָציאליסטישער איינהייט און „סעפּאראטיסטן״.

אזוי איז געווען ביז ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. ד״ר ליבערמאן האָט אין אונדזער שטאָט געשפּילט אן ערשטראנגיקע ראָל, ער האָט שטארק משפּיע געווען אויף גרויסע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג — ארבעטער, אָנגעשטעלטע און א גרויסן טייל פון מיטלקלאס. ביי די ערשטע אלגעמיינע וואלן צום עסטרייכישן פארלאמענט (1907), האָט ער באקומען א גרויסע צאָל יידישע שטימען. ס׳זענען געווען פיל יידישע סוחרים, וואָס האָבן אקטיוו געארבעט פאר אים ביי די וואלן. אויך ביי דער אינטעליגענץ האָט ער געהאט אסך פארערער און אָנהענגער.

## יוגנט-ארגאניזאציעס

נאָכן פונאנדערפאַל פון דער אינטערנאציאָנאלער „פאראייניקונג״, ווערט געגרינדעט א ריין יידישע יוגנט־אָרגאניזאציע מיטן נאָמען „פרייע־יוגנט״, וואָס איז נישט פארבונדן מיט קיין שום פּאָליטישע פארטיי. אירע אויפגאבן : אויסצובילדן גייסטיק און פיזיש דעם „נייעם מענטש״ און אים באקענען מיטן סאָציאליזם. אין די צייטן, ווען אין פשעמישל איז שוין געווען די „ארבעטער־היים״ (נאָך 1912), האָבן זיי דאָרט געהאט זייער לאָקאל, פארמאָגט א גרויסע ביבליאָטעק און דורכגעפירט רעפעראטן אויף פארשידענע טעמעס.

פון די רעפערענטן איז אמבאַליבסטן געווען ד״ר ה. זאָן. ער פלעגט דער יוגנט אָפּגעבן א סך צייט און צוציען מאסן צוהערער. עס פלעגט צו דער יוגנט אויך קומען דר. גאָטדאנק. זייער אקטיוו זענען אויך געווען יוסף שטרודלער און ישראל סאָבאָל — א סטאָלער־ארבעטער און קענער פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג און פון דער יידישער ליטעראטור. ער האָט אונדז אָנגערעגט צו ווערן לייענער פון יידישע ביכער.

אין יאָר 1913 איז אין עסטרייך געשאפן געוואָרן א סאָציאליסטישער סקאוטינג, מיט אן אנטי־מיליטאריסטישער איינשטעלונג. ביי אונדז איז די איניציאטיוו איבערגעגעבן געוואָרן צו יוסף שטרודלער. אין משך פון א קורצער צייט, האָבן מיר געהאט אין פשעמישל א יידישן סאָציאליסטישן „סקאוטינג״. פארשטייט זיך, אז נישט אלע יוגנטלעכע האָבן זיך געקענט דערלויבן

די גרויסע הוצאות אויף סקויטישע מונדירן, אָבער מיר האָבן געהאַט אייגענע שניידערס. דער הויפּט־ציל פון די סקויטן איז געווען: פרייע נאַטור, גימנאַסטישע איבונגען, לעקציעס וועגן נאַטור־וויסנשאַפט, אַנטי־רעליגיעזע אויפקלערונג, לעקציעס וועגן סאָציאַלע וויסנשאַפטן.

מיר פלעגן זיך אויך באַטייליקן אין עפנטלעכע דיסקוסיעס. אין יענער צייט האָבן זיך באַוויזן קליינע גרופּן פון ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אָבער מיט בירגערלעכע פּאַרטייען — האָבן מיר נישט דיסקוטירט. דאַקעגן האָבן מיר יאָ אָנגענומען די איינלאַדונג פון פּועלי־ציון. איך קען נישט איבערגעבן באַריכות דעם פאַרלויף פון דער דיסקוסיע. עס געדענקט זיך נאָר, אַז די אָנוועזנדיקע זש.פּ.ס. חברים האָבן געהאַלטן, אַז דער פּועלי־ציון־רעפערענט, וואָס האָט געהאַט דאָס אַריינפיר־וואָרט, האָט באַליידיקט אונדזער רעפערענט, דעם יונגערן זאָן. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג און די פאַרלעזונג איז געוואָרן אויפגעריסן. מיר האָבן דעם פאַל זייער באַדויערט.

## „סטזשעלצעס״ און „לעגיאָנערן״

אונטער דער השפּעה פון יוזעף פּילסודסקי, האָט די פּשעמישלער פּ.פּ.ס.ד. אָרגאַניזירט ביי זיך אַ גרופּע פון „סטזשעלעץ״. דער אָרגאַניזאַטאָר איז געווען סטאַניסלאַוו בורדאַ (נישט קיין פּשעמישלער), פאַרוואַלטער פון דער „אַרבעטער־היים״. ער האָט געפירט פּראָפּאַגאַנדע אויך צווישן יידישע אַרבעטער, זיי זאָלן אַריינטרעטן אין „סטזשעלעץ״ און אַזוי אַרום קעמפן קעגן צאַריזם — דעם גרעסטן שונא פון סאָציאַליזם. אייניקע חברים פון דער זש.פּ.ס. זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין „סטזשעלעץ״, און שפּעטער — צו די לעגיאָנען (שטרודלער, העפּטלינג, אהרן ראָזענבוים א. אַ.).

די פּ.פּ.ס.ד. האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר פּאַטריאָטיזם. אירע פירנדיקע חברים זענען אַריינגעטרעטן אין פּוילישן לעגיאָן. אין יענע צייטן האָבן מיר נאָך געהאַט אונדזער לאָקאַל אין דער „אַרבעטער־היים״. מ׳איז אָבער געצוווּנגען געוואָרן דעם לאָקאַל אויפצוגעבן. איידער די מלחמה פון 1914 איז אויסגעבראָכן, האָבן מיר באַקומען אַ לאָקאַל פון דער קראַנקן־קאַסע אויף דער סלאָוואַצקי־גאַס, אַ סאָציאַליסטיש הויז אין אונדזער שטאָט. אין דעם הויז זענען שפּעטער פאַרבליבן די בונדיסטישע פּאַרטיי און פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. באַזונדער פון די שניידערס, בלעכערס א.אַ.וו. די זש.פּ.ס. האָט געהאַט אַ לעגאַליזירטע קולטור־אָרגאַניזאַציע א.נ. „פאָרווערטס״. דאָס איז, אגב, צונויפגעקומען שפּעטער, אין די שלעכטע צייטן.

## ביים סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה

דאָס יאָר 1918, האָט אויף פאַרשידענע פראָנטן, הגם נישט אין דער זעלבער צייט, דערפירט צום סוף פון קריג. די געשעענישן אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד האָבן ביי די אַרבעטער־פּאַרטייען געשאַפן די אילוזיע, אַז זיי שטייען אויף דער שוועל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די פּוילישע רעגירונג האָט נישט לאַנג געלאָזט אָנהאַלטן דעם „ערב פרילינג״ און פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַנטי־דעמאָקראַטישע געזעצן, וואָס האָבן באַגרענעצט די דעמאָקראַטישע פרייהייטן אין וואָרט און שריפט. באַלד דערנאָך איז אויך געקומען — דער אַנטיסעמיטיזם.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן זעלנער פון דער געפאַנגענשאַפט, צווישן זיי — אויך בונדיסטן. מיר האָבן זיך גענומען אויסברייטערן אונדזער אַרבעט און באַזעצט דאָס הויז פון די נוסבוימס, אויף דער טשאַרנעצקיעגאָ־גאַס אַנטקעגן דער בריק, ביי דער הויפּט באַנסטאַציע, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען פאַרנומען פון מיליטער.

דאָס הויז האָט געגעבן ברייטע אַרבעטס־מעגלעכקייטן. דער צופלוס פון מענשן איז געווען

אזוי גרויס, אז מיר זענען געשטאנען פארן פראָבלעם, ווי זיי אלע אריינגעמען אין אָרגאַני־זאַציאָנעלע ראַמען.

אונדז האָט געפעלט די ראַם, וואָס זאָל אידעיש באַפעסטיקן די בונדישע גרופּע. מיר האָבן באַשטימט עטלעכע חברים פון דער אינטעליגענץ צו שאַפן קולטור־אינסטיטוציעס. מיר גרינדן אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק א. נ. פון י. ל. פרץ. א יידישע ביבליאָטעק אין פשעמישל — איז געווען א נייעס. די גרינדער פון דער ביבליאָטעק זענען געווען: יוסף שטרודלער, ש. יעגער און יהושע לויבשטיין (ביבליאָטעקאַר). דער רוב לייענער איז געווען אומפּאַרטייאישע, פון אלע קרייזן, נאָר מיט אַן ערנסטער באַציאונג צו יידישע קולטור.

ליטעראַרישע און פּאָליטישע רעפעראַטן זענען אין יענער תקופה געווען אַן אָפּטע דער־שיינונג. מען האָט זיך „געדרייט" אַרום די באַרימטע 21 פּונקטן פון קאָמינטערן.

אין דער פּ.פּ.ס. האָבן אין דער צייט געהערשט אנטיסעמיטישע שטימונגען. יידישע מיט־גלידער פון פּ.פּ.ס. פלעגן קומען צו אונדז זיך „אָנוואַרעמען" — און פיל זענען שוין געבליבן. דעמאָלט האָט אין אונדזער אַרבעט זיך באַטייליקט אויך די דיכטערין רחל קאָרן. זי איז געווען א טרייע לייענערין אין דער ביבליאָטעק, זינט איר דערעפענונג.




די וואַלן צום ערשטן פּוילישן פּאַרלאַמענט (1919), האָבן אונדז געטראָפן אין א לאַגע, וואָס אָרגאַניזאַציאָנעל זענען מיר נאָך נישט געווען אָנגעשלאָסן צום „בונד", אָבער אידעיש זיך אידענטיפיצירט מיט אים און צוזאַמען באַיקאָטירט די וואַלן. פונדעסטוועגן האָבן מיר אין פשעמישל געהאָלפן אונדזער היימישן קאַנדידאַט, דעם ד"ר ליבערמאַן.

דער אויפשטייג פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור האָט צו יענער צייט זיך אָנגעהויבן אויך אין פשעמישל, הגם די שטאָט איז נישט געווען קיין שטאַרקער אָפּנעמער פונעם יידישן בוך. אָבער דעמאָלט האָט די צייט געאַרבעט פאַר יידיש, מ׳האָט נישט געדאַרפט פירן קיין אַגיטאַציע, דאָס יידישע וואָרט האָט מיט אייגענע כוחות אַרויסגעשטופּט די אַסימילאַציע. די ערשטע דראַמאַ־טישע קרייזן האָבן געשאַפן חברים פון „בונד״, באַזונדערס יצחק זאַלצבערג, ליטור, פּרוי וויינהויז און משה שוואַרץ. עס זענען אויפגעפירט געוואָרן כמעט אַלע פּיעסן פון גאָלדפאַדען.

ווער קאָן פאַרגעסן די אַלע אימפּרעזן? דער פוטבאָל־קלוב א. נ. „לייבאָר״ האָט געהאַט פאַרמעסטונגען מיט אַנדערע ספּאָרט־גרופּן אין שטאָט. דער קלוב איז אָנגעפירט געוואָרן פון די ח״ח: רינדלער, משה האַנדה, וואַלאַך און ווייץ.

## די שליטה איבער דער קהילה

די ערשטע פשעמישלער קהילה נאָכן קריג, איז געווען אַ נאָמינירטע און זיך געשטיצט אויף די פאָרשטייער פון פאַרטייען, לויט אַן אָפּמאַך. די אַלטע קהילה איז פאַרטריבן געוואָרן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ ניי קהילה־לעבן. אַלס ערשטער ראש־הקהל איז געוויילט געוואָרן ד״ר מאַקס ראָזנפעלד, אַ פּועלי־ציוניסט פון דראָהאָביטש, וויניק באַקאַנט ביי אונדז, אָבער ער האָט זיך געשעניטן אויף אַ גרויסע פּערזענלעכקייט. זיין פּראָזעסור אין דער קהילה האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 36 יאָר און די שטאָט האָט זייער באַדויערט זיין טויט.

די זש.פּ.ס. איז לויטן אָפּמאַך געווען פאַרטרעטן אין קהילה־ראַט דורך ד״ר לייב לאַנדאַו, מאיר ריטערמאַן און פּנחס דרוקער.* אויך די יידישע סעקציע פון דער פּ.פּ.ס.ד. איז געווען פאַר־טרעטן דורך צוויי מענטשן: עסטרייכער און זיגמאַן. די חברה „יד חרוצים״ האָט דאָרט געהאַט אירע צוויי פאָרשטייער. דער קהילה־ראַט האָט זיך איצט געגרופּן פאָלקס־ראַט — אַ קאָנצעסיע פאַר די אַסימילאַטאָרישע קרייזן, וואָס זענען דאָרט געווען רעפּרעזענטירט מיט דריי מאַנדאַטן אויף 19. נאָך ראָזענפעלדס טויט, איז איינשטימיק געוויילט געוואָרן דר. לייב לאַנדאַו אַלס פּרעזעס פון דער קהילה. די קהילה האָט דעמאָלט געאַרבעט בעיקר ווי אַ רעטונגס־קאָמיטעט, ווייל אין דער שטאָט האָט געהערשט נויט און אָרעמקייט און מען האָט געמוזט העלפן. דער „דזשוינט״ האָט טאַקע געטאָן אַ גוטע אַרבעט און אויך די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן זיך אַ סך באַמיט אין דער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט.

## פאַראייניקונג מיטן „בונד״

אין יאָר 1920 קומט פאָר אין קראָקע דער פאַרייניקונגס־קאָנגרעס פון „בונד״ אין פּוילן. דר. לייב לאַנדאַו ווערט מיטגליד פון ראַיאָן־קאָמיטעט אין קראָקע. אַלס ראש־הקהל נעמט ער אויף דעם פירער פון „בונד״, הענריק ערליך, וואָס איז געקומען קיין פשעמישל מיט אַ רעפעראַט א.ד.ט. ״די יידן־פּראָבלעמען אין נייעם פּוילן און זייער לייזונג״. ער האָט געהאַט אַ סך צוהערער פון דער אינטעליגענץ און איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק.

די לאָזונג אין יענע יאָרן איז געווען: די וועגן פירן צום קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם, ד. ה. צו גרינדן אַלערליי פּראָדוקציע קאָאָפּעראַטיוון און אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו. מיט נישט־גרויסע סובסידיעס פון „דזשאָינט״, גרינדן מיר אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו אונטער דער לייטונג פון

* באַמערקונג פון רעדאַקציע: אונדזער פּאָרזיצער, ד״ר דב ניצני (פריער — בעריש קנאָפּף), וועלכער איז פון 1.11.1918 ביז מאי 1919 געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון פאָלקסראַט, באַהויפּטעט, אַז די זש.פּ.ס. האָט לויטן אָפּמאַך באַקומען נאָר צוויי פאַרטרעטער. פון זיי איז איינער געווען סטאַביל, ד״ר לייב לאַנדאַו, און דער צווייטער האָט זיך אָפּט געטוישט.

ד״ר וואלענטין. דער ראט איז, אויסער ד״ר וואלענטין, באשטאנען פון ד״ר גאָטדאנק, יוסף שטרודלער, די ברידער טיכל און שמואל קריגער. דער געשעפטס־פירער איז געווען אבוש שנעק. א פרויען־שניידער קאָאָפּעראטיוו איז אָנגעפירט געוואָרן פון די ח״ח יאקובאָוויטש, זאלצבערג, שענקער און פרוכטער (דער לעצטער — א פועלי־ציוניסט).

דער קאָאָפּעראטיוו פון די מאליארעס האָט זיך געפונען אין די גאראזשן פון ד״ר בלאָזשאָווסקי, דאָרט איז אויך געווען דער מאגאזין פון די מאטעריאלן. מיר האָבן אויך געגרינדעט פאראיינען פון בלעכערס, שלאָסערס און מאליארעס ביי די אלגעמיין־פוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, מיט אויטאָנאָמיע־רעכט פאר אונדזערע יידיש־רעדנדיקע חברים.

די קרוין פון אונדזער באוועגונג איז געווען די יוגנט־אָרגאניזאציע „צוקונפט״, וואָס האָט געהאט איר לאָקאל אויף עק וואָדנא־גאַס. אירע ערשטע טוערס זענען געווען די חברטעס רעגע היסטער, רבקה זאפיר, גלאנצמאן א.א.וו.

אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ אין ווארשע איז געווען דעלעגירט דער שרייבער פון די שורות. דער „בונד״ איז דאמאָלט געווען אומלעגאל, האָט מען זיך געמוזט היטן פאר א דורכפאל. עס איז געווען די צייט פון פסח.

יעקב פאט (א. ווילנער) האלט זיין ערשטן רעפעראט אין פשעמישל אויף דער טעמע „די יידישע שול און דאָס יידישע קינד״. דאָס איז געווען א פּראָבלעם, מיט וועלכן מיר האָבן ביז איצט זיך נישט באשעפטיקט.

ווייטערע אינטערעסאנטע פאַרטראָגן האָבן מיר געהערט פון אינזש׳ אָקון פון ווילנע, וואָס איז צו אונדז געקומען צוליב זיין פרוי, וועלכע איז געווען אינטערנירט (צוליב פּאָליטישע טעמים) אין פיקאליצי ביי פשעמישל. זיינע רעפעראטן האָבן ארויסגערופן לייידנשאפטלעכע דיסקוסיעס און בעיקר ארום דער טעמע „קווערשניט פון באָלשעוויזם און דעמאָקראטיע״.

## ערשטע שטאט־ראט וואלן

צו די וואלן האָט מען זיך נאָך באנוצט מיט דעם אלטן געזעץ פון קוריע־וואלן. אזוי ווי מיר האָבן שוין געלעבט אין א דעמאָקראטישער מלוכה, האָט מען צוגעטשעפעט א פערטן קלאַס ווילער (אין קעגנזאץ צו די דריי ערשטע קוריעס) וואָס האָבן נישט געצאָלט קיין שטייערן. די דאָזיקע פערטע קוריע האָט געהאט מער ווילער ווי די אנדערע 3 צוזאמען. מיר האָבן דורכגעפירט דריי קאנדידאטן; ד״ר פרים, שטרודלער און דוד ווייסמאן. א גרויסער טייל פון די פ.פּ.ס.־יידן האָבן געשטימט פאר אונדז, מיר פון אונדזער זייט האָבן געשטימט פאר די יידישע קאנדידאטן פון דער פ.פּ.ס.: נאסנפעלד און זיגמאן. אויך זיי זענען געוויילט געוואָרן.

## דער פויליש־סאוויעטישער קריג

די באָלשעוויסטיש־פוילישע מלחמה, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין נאָוועמבער, איז געווען א פּעריאָד פון דער שווארצסטער רעאקציע. אויף יעדן ייד האָט מען געקוקט ווי אויף א שונא פון פוילן. די פּ.פּ.ס. האָט דאמאָלט צוזאמענגערופן דעם אלגעמיינעם ארבעטער־ראט פון פשעמישל, כדי צו דיסקוטירן וועגן דער געשאפענער סיטואציע. די פּ.פּ.ס.־לייטונג האָט שוין פון לאנג דעצידירט זיך אָנצושליסן אין דער אלגעמיינער פארטיידיקונגס־ליניע קעגן דער באָלשעוויסטישער אינוואזיע.

ס׳איז געווען זייער געפערלעך ארויסצוטרעטן קעגן דעם. דער זאל, ווו ס׳איז פאָרגעקומען די זיצונג פון ארבעטער־ראט, איז געווען פול מיט דעפענסיווע־אגענטן. פונדעסטוועגן האָט ח׳

שעיה הירש, מיט זיין ניט איבעריק גוטן פויליש, אָפּגעגעבן א דערקלערונג אין נאָמען פון „בונד", וואָס איז געווען נישט אין איינקלאַנג מיט דער שטעלונג פון פּ.פּ.ס.

ס'האָבן זיך דאַמאָלט באַטייליקט אין דער זיצונג די ח"ח ש. יעגער, ש. הירש, רענע היסטער, ראָזנבוים און יהושע לויבשטיין. הירש האָט געהאַט מזל, וואָס דער פּוילישער הויז־וועכטער האָט אים ארויסגעפירט דורך א זייטיקע טיר.

## דער שניידער-שטרייק

צו אונדז זענען געקומען חברים פון שניידער־פאַראיין אין לובלין — כעמיק און זעגבוים. דער ערשטער האָט אין פּשעמישל אָנגעפירט מיט א שטרייק פון יידישע און פּוילישע ארבעטער און אלעמען איבערראַשט מיט זיין פייערדיקן טעמפּעראַמענט.

## וואַלן צו דער קהילה און סיים

עס קומען פאָר די ערשטע וואַלן צו דער קהילה, וועלכע איז ביז איצט געווען צוזאַמענ־געשטעלט פון נאָמינירטע מיטגלידער. מיר באַקומען 3 מאַנדאַטן. אויף דער קאָנסטיטואירנדיקער זיצונג ווערט אלס ראש־הקהל איינשטימיק אויסגעוויילט דר. לייב לאַנדאַו. דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון „בונד" האָט אָבער געהאַלטן, אז פּראָפּאָרציאָנעל קומט אונדז נישט דער מאַנדאַט פון ראש־הקהל, און באַשלאָסן, אז לאַנדאַו דאַרף לייגן זיין אמט. פאַר נישט אויספירן דעם דאָזיקן באַשלוס, ווערט לאַנדאַו אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי.

אין יאָר 1922 קומען פאָר די וואַלן צום סיים. אין שליחות פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין פּוילן, קומט קיין פּשעמישל דער חבר וויקטאָר אלטער. די חברים ד"ר גאָטדאַנק, שטרודלער און רענע היסטער זענען געווען די לאָקאַלע פּאַרטיי־פאַרטרעטער. ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, אז ד"ר לייב לאַנדאַו זאָל קאַנדידירן אויף דער בונדישער ליסטע, ער האָט אָבער געהאַלטן, אז אלס תלמיד פון ד"ר ליבערמאַן, קאָן ער נישט אויפטרעטן ווי זיינער א קעגן־קאַנדידאַט. ער האָט פּאַרגעלייגט צו קאַנדידירן אויף דער בונדישער ליסטע אין לעמבערג. וויקטאָר אלטער האָט דערמיט מסכים געווען, אָבער לאַנדאַו האָט געהאַט נאָך איין באַוואָרעניש: ווען ס'וועט זיך פאָרמירן א בונדישע פראַקציע, זאָל ער נישט מוזן אין אלע פראַגן שטימען איינהייטלעך. (ער איז צו יענער צייט געווען א רעכטער). אלטער האָט ביים לעצטן זאַץ געמיטלעך זיך אויפגעהויבן און מיט אנטשלאָסנקייט געזאָגט: „חבר לייב לאַנדאַו איז טאַקע א גרויסע פּער־זענלעכקייט, אָבער די בונדישע באַוועגונג איז נאָך גרעסער..." דערביי האָבן זיך ביידע געדריקט די הענט.

ס'איז געווען 5 פּאַרטייען.

דער „בונד" האָט דאַמאָלט געהאַט זיין אייגענע לאַנד־ליסטע. אויף דער יידישער גאַס אין פּשעמישל האָט אויף דער נאַציאָנאַלער ליסטע קאַנדידירט משה פראָסטיק, רעדאַקטאָר פון לעמבערגער „טאָגבלאַט". ער איז אויך געוויילט געוואָרן אין פּשעמישלער ראַיאָן. פאַרשטייט זיך, אז ד"ר ליבערמאַנס קאַנדידאַטור איז געקומען אויף א נישט־גינסטיקער וואָקשאַל — און מ'האָט צו אונדז אַפּעלירט צוצושטיין צו זיינע ווײלער. דאָס איז אָבער געווען אוממעגלעך, ווייל די בונדישע ליסטע איז געווען א צענטראַלע, נישט קיין לאָקאַלע. פונדעסטוועגן האָבן א סך פון אונדזערע חברים געשטימט פאַר ליבערמאַנען. אין גאַנצן ראַיאָן האָט דער „בונד" באַקומען ביי 1,500 *) שטימען. ליבערמאַן איז געוויילט געוואָרן נאָר א דאַנק דעם, וואָס די אוקראַאינער האָבן

* באַמערקונג פון דער רעדאַקציע: דער מחבר האָט דאָ א טעות. בא די סיים־וואַלן אין יאָר 1922, האָט די ליסטע פון „בונד" באַקומען נאָר 403 שטימען.

באַיקאַטירט די וואלן און מ׳האָט באדארפט א סך וויניקער שטימען, כדי געווילט צו ווערן. צום ערשטן מאָל האָט די קאָמוניסטישע פארטיי זיך געוואָנדן צו אונדז וועגן אן איינהייטלעכער אקציע, דאָס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן ווייל ס׳האָט זיך צוגעשטעלט א קאָמוניסטישער „בונד" — און מיר האָבן אזא דעלעגאציע נישט אָנערקענט.

אין דעם פשעמישלער ראיאָן האָבן מיר געהאט א ביסל דערפאָלג. אין שטעטל דאָבראָמיל איז אונדז געלונגען אָפּצוהאלטן א וואל־מיטינג מיט גרויס דערפאָלג.

## רעפערענטן פון אנדערע ערטער

אלס רעדנער־גאסט איז צו אונדז געקומען דער אלטער טוער פון זש.פּ.ס. — פסח דעמביצער, מיט א ליטערארישן פאָרטראָג איבער פרצ׳ס שאפונג. דערנאָך איז געווען מלך ראוויטש (צוויי מאָל). ביים ערשטן פאָרטראג האָט ער גערעדט וועגן שלום אש, דאָס צווייטע מאָל איז ער געקומען אלס א שליח פון דער צ.י.ש.א. אין פוילן. ביים ערשטען פאָרטראג האָט אים שטארק אָפּאָנירט לייבוש שוועבל. ביים צווייטן באזוך האָב איך געפירט דעם פאָרזיץ און געווען דער ערשטער רעדנער.

אויף 1־טע־מאי קאָנפערענצן, אָדער מאסן־מיטינגען, זענען צו אונדז געקומען פון ווארשע גרשון זיבערט, הענריק ערליך, ד״ר איגנאצי אלעקסאנדראָוויטש, דעמביצער, בלום, ד״ר פענסטערבלום (קראָקע), דר. פענציק (פון סאניק), דר. איינאייגלער (לעמבערג), דר. פיינער



די מיטגלידער פון דער ייוו״א־אָפּטיילונג אין פשעמישל אויף אן 1ער מאי דעמאָנסטראציע אין יאָר 1938
חברי סניף „ייוו״א" בפשמישל במצעד אחד במאי 1938
First of May parade 1938

(שפּעטערדיקער פירער פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין די נאַצי־יאָרן) און טרייער (ביידע פון לעמבערג).

צום דאַנציקער געהיימען בונדישן צוזאַמענפאָר, וועלכן די דאַנציקער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן לעגאַליזירט אין דער פרייער שטאָט, איז אויף דער ראַיאָן־קאָנפערענץ אין קראָקע געווײלט געוואָרן און געפאָרן דער ח׳ שעיה הירש. אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַ ראַיאָן־קאָנ־פערענץ אין לעמבערג, צו וועלכער איך בין פון דער פּאַרטיי געשיקט געוואָרן אַלס דעלעגאַט.

אין יאָר 1926 קומט פאָר אַ צוזאַמענפאָר פון אַלגעמיינעם האָלץ־פאַרבאַנד. די יידישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון 10 פּערזאָן. אונדזער שטאָט איז געווען פאַרטראָטן מיט דריי דעלעגאַטן; אַהרן ראָזנבוים, טיכל און מרדכי קאַלב.

פּרץ מאַרקיש איז אין פּשעמישל געווען צוויי מאָל. ביי דער משפּחה פון רחל קאָרן פלעגט מען אויפנעמען די שרייבער־געסט, אַזוי איז אויך דאָרט אויפגענומען געוואָרן מאַרקיש.

## יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין שפּעטערע צייטן

מיר האָבן אויך שפּעטער געהאַט אַ גוטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיט פּראָפ. פּאַראַיינען (שניידערס, סטאָלערס, א.א.וו.). די יוגנט האָט געהאַט אירע אייגענע לאָקאַלן אויף רוג וואָדנע, מיט אַ ביבליאָטעק. די יוגנט איז ביי אונדז געווען דער נערוו פון דער באַוועגונג.

די יוגנט האָט אויך געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז, אָנגעפירט פון אַ לובלינער חבר, זיגמאַן. זיי פלעגן אויפפירן איינאַקטערס אין כאַראַקטער פון אַ קליינקונסט־בינע. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פלעגט אויך דורכפירן אויספלוגן, פון וועלכע עס זענען פאַרבליבן בילדער.

*

נאָכן יאָר 1928, איז דער שרייבער פון די שורות אַוועק פון פּשעמישל און מיט דעם יאָר ענדיקן זיך זיינע זכרונות פון דער בונדישער באַוועגונג אין שטאָט.

# ד״ר לייב לאנדאו

די ווייטערדיקע ארטיקלען זענען אָנגעשריבן און איבערגעגעבן געוואָרן דעם רעדאַקציע־קאָמיטעט פון בוך א דאנק דער איניציאַטיוו און באמיאונגען פון ד״ר יעזשי סאַוויצקי.

ד״ר סאַוויצקי, פּראָפעסאָר פאר קרימינאָלאָגיע אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט, איז בשעתו געווען דער פאָרשטייער פון פאָלקס־דעמאָקראַטישן פוילן ביים אינטערנאַציאָנאַלן מיליטערישן געריכט אין נירנבערג, וועלכער האָט געמשפּט די וויכטיקסטע קריגס־פארברעכער און איז אויך אויפגעטרעטן אלס הויפּט־פּראָקוראָר אין א ריי פּראָצעסן אין פוילן קעגן די דייטשע תליינים אין די טויט־לאַגערן מיידאַנעק און אוישוויץ; קעגן די היטלעריסטישע מושלים אין קראָקע; קעגן דעם וואָס האָט פאַראָרדנט צו שאַפן דאָס ווארשאווער געטאָ; קעגן דעם גובערנאַטאָר פון ווארשעווער דיסטריקט — און פיל אנדערע קריגס־פארברעכער.

זיין בוך „דשענאָסייד — פון באַשטימען דעם באַגריף ביזן אָפּמאַך (1933—1948)״, וואָס איז אין יאָר 1949 דערשינען אין קראָקע, האָט פּראָפ׳ סאַוויצקי געווידמעט דעם אָנדענק פון לייב לאַנדאו. אין דער ווידמונג שרייבט ער:

„צום ליכטיקן אָנדענק פון ד״ר לייב לאַנדאו, דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן קעמפער פאר גלייכבארעכטיקונג פון מענטשן, דעם גרויסן פארטיידיקער אין קרימינעלע פּראָצעסן, דעם קרבן פון דזשענאָסייד — ווידמע איך די דאָזיקע ארבעט״.

קיינער ווייסט ניט ביזן היינטיקן טאָג ווו עס געפינט זיך דער קבר פון לאַנדאו. זאָל די דאָזיקע ווידמונג דינען אלס מצבה אויף דעם אומבאַקאַנטן קבר פון דעם אומפארגעסלעכן מאַן.

אברהם מאָרעווסקי

## אדוו׳ לייב לאנדאו — א גדול בישראל

לייב לאַנדאו האָט רעפּרעזענטירט די שענסטע אייגנשאַפטן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין אונדזער דור. ער איז געווען א גדול הדור נישט צוליב זיין הויכער ערודיציע און אויך נישט צוליב זיין טאַלאַנט אלס פארטיידיקער אין הונדערטער פּראָצעסן. זיין אויסדערוויילטקייט אין די רייען פון זיין ארום, וואָרצלט אין דעם, וואָס ער איז געווען א מענטש פון געלייטערטן גייסט און פריין געדאַנק.

לייב לאַנדאו, הגם א פּראַקטישער טוער, איז געווען א דיכטער מיט אלע זיינע רמ״ח אברים. אין אונדזער ניכטערן, ציניש יאָרהונדערט — איז ער געווען דער ריטער מיט לייב און נשמה.

בערך אין יאָר 1925, בין איך אנגאַזשירט געוואָרן קיין פּשעמישל אויפצופירן דאָרט מיט א ליבהאָבער־קרייז דעם צווייטן אקט פון „דובּוס״. אין דער דאָזיקער שטאָט האָב איך זיך באַקענט מיט לייב לאַנדאו. אונדזער פריינדשאַפט האָט געדויערט ביז די יאָרן 40־1939, ווען די מלחמה־שטראָמען האָבן פארפלייצט אונדזער לעבן און אונדזערע קאָנטאַקטן.

זיין שטראַלנדיק געשטאַלט דערמאָן איך זיך דורך א ריי עפּיזאָדן, וועלכע וואָלטן קוים פארבליבן אין זכרון, ווען זייער פארלויף שפּילט נישט אָפּ מיט אלע פארבן פון רעגנבויגן דאָס הארץ און פּיקחות פון לייב לאַנדאו. און איבער אלעמען — זיין איידלקייט, קרבנות־גרייטקייט לגבי מענטשן, נאָר שילדערנדיק אים, מוז אין פאָדערגרונט דערשיינען לייב לאַנדאו — דער אדוואָקאַט.

דריי עפּיזאָדן פון זיין אדוואָקאַטישער פּראַקטיק, זענען באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון.



פון רעכטס : בנימין רעסלער, בועז קארלינסקי, ד״ר לייב לאנדאו, אברהם מאָרעווסקי, אין זאקאָפּאנע
From left : Abraham Morewski, Dr. Leib Landau, Boaz Karlinski, Benjamin Ressler in **Zakopane**

ערשטער עפּיזאָד: דער טרויעריק־באַרימטער שטייגער־פּראָצעס אין לעמבערג, אין יאָר 1923. אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק איז געזעסן אַ יידישער סטודענט סטאַניסלאַוו שטייגער, וועמען די רעגירונג האָט באַשולדיקט אין דורכפירן אַן אַטענטאַט אויפן מלוכה־פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי. ווי גרויס ס׳איז דער מהלך צווישן פּאַריז און לעמבערג; ווי פאַרשידן די געזעל־שאַפטלעכע און אַלגעמיין־פּאָליטישע אַטמאָספער אין צאַרישן קיעוו פון יאָר 1913 און דעם רעפּובליקאַנישן פּוילן אין יאָר 1923, זענען אָבער די דריי פּראָצעסן — דרייפוס, ביילים און שטייגער — דריי מאָטיוון פון איין אומהיימלעכער סימפאָניע... דאָס זענען דריי עטאַפּן פון יאָרן הונדערטער דויערנדיקן קאַמף צווישן די כוחות פון פינצטערניש און ווילקיר, מיט די כוחות פון יושר, פרייהייט און אויסלייזונג.

די הערצער און געמיטער אין יידישע היימען זענען געווען דערשיטערט און אויפגע־טרייסלט פון אומגלייכן קאַמף. אַ קליינינקייט: פון איין זייט — דער מעכטיקער רעגירונגס־אַפּאַראַט. און פון דער צווייטער זייט — אַ פּאָר אַדוואָקאַטן. אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצט אַ ייד מיטן נאָמען „סטאַניסלאַוו״. אָבער באַשולדיקט ווערט דאָך — דאָס יידישע פאָלק. פּונקט ווי אין דער דרייפוס־אַפערע, איז דער רעאַקציע געגאַנגען נישט אין דעם יחיד. און אין קיעוו, אויפן ביילים־פּראָצעס, האָט זיך נישט געהאַנדלט דער עיקר אין מענדל ביילים, נאָר אין דער „יידישער געפאַר״ וואָס דראָט דעם טראָן פון די ראָמאַנאָווס. אַזוי אויך אויפן לעמבערגער פּראָצעס איז די שאַרף פון דער באַשולדיקונג געווען געווענדעט קעגן דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

די פּאַרטיידיקונג האָבן אין דער ערשטער ליניע געפירט די דריי אַדוואָקאַטן: לעווענשטיין, דער פּאָליאַק גרעק און — לאַנדאַו. אויף דעם פּראָצעס האָט לאַנדאַו זיך דערוואָרבן אַלעמענס הערצער און אָנערקענונג נישט צוליב זיין אויטאָריטעט און אָנזען, נאָר אַ דאַנק דעם וואָס ער האָט באַוויזן אין גאַנג פון פּראָצעס גופא.

דאָ מוזן מיר אָפּווייכן פונעם לעמבערגער פּראָצעס און זיך איבערטראָגן אין פּאַריזער „פּאַלעי דע זשיסטיס״ און אין קיעווער געריכטס־זאַל. ווייל דער נאָמען פון פּאַרטיידיקער לייב לאַנדאַו האָט אין לעמבערגער פּראָצעס זיך אויסגעגליכן מיט די נעמען פון לאַבאָרי, דרייפוסעס פּאַרטיידיקער, און די רומפולע אַדוואָקאַטן פון מענדל ביילים — קאַראַבטשעווסקי, מאַקלאַקאָוו און גרוזענבערג, וועלכע האָבן מרעיש עולם געווען מיט זייער קונסט און גלאַנץ ביים פּאַרטיידיקן.

אָבער זיצנדיק אין פאַנטעאָן פון די יוריסטן־אימאָרטאַלן ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע אַ דאַנק זיין ערודיציע און טאַלאַנט, טיילט זיך אויס לייב לאַנדאַו מיט זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן און ווירדיקער האַלטונג.

מיט אַלע פיבערן פון זיין האַרץ האָט ער אין לעמבערג געפילט דעם עול פון דער סכנה וואָס דראָט מיליאָנען זיינע ברידער.

ער איז געווען אַ מוסטער פון מענטש און ייד.

*

מיט אַ צען יאָר שפּעטער, אין 1934, איז לאַנדאַו דערשינען אויף אַ צווייטן פּראָצעס אין לעמבערג, וועלכן דער שרייבער פון די שורות האָט בייגעוווינט און אין פאַרלויף פון אַלע זיצונגען באַוווּנדערט אונדזער פּרעכטיקן איידלמאַן. נישט אין דער אַדוואָקאַטישער קונסט איז דאָ געגאַנגען און קיין געלעגנהייט צו „בליצן״ אין געריכטס־זאַל האָט דער פּראָצעס נישט געגעבן. אויך די געזעלשאַפטלעכע וואָג זיינע איז געווען אַ מינימאַלע. אָבער לייב לאַנדאַו איז דאָ ווידער דערשינען ווי אַ גדול צוליב דעם, וואָס פּאַרטיידיקט האָט ער זיינעם אַ פּערזענלעכן שונא און דערצו נאָך — אַן עקלהאַפטן פאַרשוין. געהייסן האָט דער נפש „טומים״. די טומאה, הייסט עס, האָט געלאָזט פון זיך וויסן, איידער דער בעל־דבר האָט באַוויזן צו דערשינען. נאָר אָנקוקנדיק אים, האָט אַפילו זיך נישט געקענט דערוועקן אַ מינימאַל מיטגעפיל צו זיין קלאָגעדיקן גורל. ער איז פריער געווען

רעדאקטאָר פון א שווארצמאהדיק גאסנבלעטל און יאָרנלאנג געהעצט און געשימפט מיט זיין פעדער קעגן אלץ וואָס האָט געהאט א שייכות צו ליכט און פּראָגרעס. אין זיינע פּאָגראָם־ארטיקלען, האָט ער מיט באזונדערער עקשנות געהעצט קעגן לייב לאנדאו...

בעתן שטייגער־פּראָצעס האָט ער טאָג־איין, טאָג־אויס גערייצט קעגן אים און געפאָדערט אים עוקר צו זיין פון דער שטאָט, פון פּוילן, פון דער וועלט. אָבער איצט איז דער דאָזיקער „ריטער פון געדרוקטן וואָרט" אריינגעפאלן אין די הענט פון דער פּראָקוראטור. אים דראָען לאנגע יאָרן תפיסה. דאָס קרייז־געריכט האָט אים שוין פארמשפּט. עס איז געקומען צו א רעוויזיע פון פּראָצעס. האָט זיין שוועסטער זיך געמאָלדן צו לייב לאנדאו און זיך געבעטן ביי אים רחמים: זאָל ער ראטעווען דעם תכשיט פון א שווערער שטראָף, זיך דערשלאָגן צו א מילדערן אורטייל, אויב נישט באפרייען אים אינגאנצן. און לאנדאו נעמט אויף זיך די פארטיידיקונג פון טומים, דעם מענטש וואָס האָט אים יאָרנלאנג גערודפט, באליידיקט, גערופן אויף זיין קאָפּ אלע מלאכים פון אומגליק און טויט...

און ווי ליכטיק, ווי זוניק־צעשטראלט איז געווען דער גדול פון רעכט און הומאניזם אין זיין טאָגע פון פארטיידיקער, באמיענדיק זיך צו העלפן זיין פּערזענלעכן שונא, ווען יענער האָט זיך געפונען אין א נויט?...

*

דער דריטער עפּיזאָד שפּילט זיך אָפּ אין פּריוואטן לעבן, אין אן ענג צימערל, ווו ס'איז פאָרגעקומען א בוררים־געריכט.

דעם ווינטער־סעזאָן 1927/28 האָב איך געפירט אין קראָקע. נאָכן מיטארבעטן מיטן „קאָמיטעט" אומגעפער א 3 חדשים — בין איך אנטלאָפן פון טעאטער. ממש — געמאכט א ויברח... נאָר אזוי ווי כ'בין על דעת עצמי אוועק — האָט מען מיך דערקלערט אלס שולדיקן אין ברעכן דעם אָפּמאך. כ'בין אויפגעפאָדערט געוואָרן אומצוקערן אלע הוצאות פאר דער גאנצער צייט, פון אָנהייב סעזאָן. באצאָלן אויך פארן רעמאָנט פון בנין און, דוכט זיך, שכירות דער טרופּע ביזן סוף פון סעזאָן...

און אויב די אלע פאָדערונגען זענען געווען „אויפגעשרויפטע", איבערגעטריבענע, איז אָבער יורידיש פעסט געווען די באשולדיקונג, אז כ'האָב בייזוויליק פארלאָזט דעם אמט, אפילו ווען דער גרונט דערצו איז געווען א מאָראלישער. איך האָב אָנגעשריבן א בריוו צו לייב לאנדאו, דערציילט מיין „פּריקרע סיטואציע" און געבעטן אן עצה. אויפן צווייטן טאָג באקום איך א לאקאָנישן ענטפער: „אלץ וועט זיין אין בעסטן אָרדענונג" — און צוגעגעבן, אז ער וועט זיך באמיען צו קומען פּערזענליך.

אז דער טערמין פון בוררים־געריכט איז געוואָרן באשטימט, האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז יענעם טאָג האָט לאנדאו א פּראָצעס און וועגן זיין קומען קאָן נישט זיין קיין רייד. דערווייל האָט דאָס פּרעזידיום פון קאָמיטעט צונויפגעשטעלט א רשימה פון נבלות און חטאים, וועלכע כ'בין כלומרשט באגאנגען. מע איז געקומען צו דער זיצונג. איך האָב געוואַרט, האָבנדיק בדעה תיכף נאָכן עפענען די זיצונג, צו מעלדן, אז איך פיל מיך אומבאהאָלפן אנטקעגן די אומריינע כוונות פון דער באשולדיקונג — און וועל ניט מיטמאכן די גאנצע קאָמעדיע. און דאָס וואָלט הייסן, פארשטייט זיך, פארשפּילן אויף אלע הונדערט פּראָצענט.

אָבער לאנדאו איז יאָ געקומען. מ'האָט דעם גאסט פאָרגעלייגט פירן דעם פאָרזיץ. ער האָט זיך פון דעם כבוד אָפּגעזאָגט.

— איך בין דאָך בלויז א בורר. פון מאָרעווסקיס צד.

דעם ענין האָבן זיי „אויפגעקלערט" אין משך פון $2\frac{1}{2}$ שעה. און דאָ האָב איך דערזען דעם מופת פון אויספאָרשונג. ווי אזוי לאנדאו האָט פאָדעם נאָך פאָדעם פארוואנדלט אין זייפנבלאָזן

די צענדליקער דורך מיר „באגאנגענע נבילות, שיעור ניט — קרימינעלע פארברעכנס״, שוין אָפּגערעט פון די מאָראלישע עוולות. דאָס זענען געווען עפּיזאָדן פון פּיקחות, אדוואָקאטישער געשיקטקייט און אויסערגעוויינלעכער שארפזין פון א טיפן מענטשנקענער.

אין די פארהאנדלונגען איז אָן שום ספק אויפגעקלערט געוואָרן די גרונטלאָזיקייט פון די בלבולים קעגן מיר. ס׳איז קלאָר געוואָרן דאָס בילד פון מיינע איבערלעבונגען, וועלכע האָבן פּסיכאָלאָגיש באגרינדעט מיין ברעכן דעם אָפּמאך. און הגם יורידיש בין איך אומגערעכט לגבי דעם צד שכנגד, איז אָבער קלאָר, אז אנדערש האנדלען האָב איך נישט געקענט. אז מיין באשלוס איז מיר אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך כמה וכמה פארדראָסן אין משך פון לעצטן חודש, אין וועלכע ס׳איז שולדיק געווען דאָס פּרעזידיום. מע האָט מיר אפילו צוגעפּסקנט א סומע געלט.

אז דער סעקרעטאר האָט אָנגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל און מיר דערלאנגט א קאָפּיע, האָט לייב לאנדאו אָפּגעווענדעט זיין האנט מיט א שמייכל און געמאָלדן:

— מיר האָבן פאר זיך א באזונדערן פאל, קאָלעגע. אונדזער גאסט איז א ווילנער. דעם פּראָטאָקאָל פון די היינטיקע פארהאנדלונגען מוז מען אים דערלאנגען אין יידיש...

און לאנדאו האָט אויפן אָרט, אין משך פון 15 מינוט, איבערגעזעצט דעם פּראָטאָקאָל אויף יידיש און אים דערלאנגט מיר מיט די ווערטער:

— אָט האָט איר אן אָנדענק וועגן אייערע נסיונות און א טרייסט...

אין די אויגן זענען מיר געשטאנען גרויסע טרערן.

*

דער גליקלעכער אויסגאנג פון בוררים־געריכט האָט מיר דערמעגלעכט ארייַנצופאָרן אויף עטלעכע חדשים קיין זאקאָפּאנע, ווו ס׳איז געשטאנען א פּרעכטיקער ווינטער. אָנהייב יאנואר איז אין די טאטרען געווען „הויך־סעזאָן״.

אין זאקאָפּאנע האָט דעמאָלט געוווינט לאנדאוס משפחה: זיין פרוי, זון און טאָכטער. און ער פלעגט קומען אמאָל אויף עטלעכע שעה, און סוף וואָך — אויף 3 טעג. מיר פלעגן זיך טרעפן יעדן טאָג, אמאָל 2 — 3.

אין די וואָכן פון געמיינזאמע שמועסן מיט לייב לאנדאו, דעם דיכטער און ריטער, וועגן וועלטן און ווערטן, זענען אויסגעוואקסן צוויי פיגורן — אנטיפּאָדן: א פּיקח, א לעבנסקלוגער פּראקטיקער פון איין זייט, און אנטקעגן אים — א פאנטאזיאָר, א בריאה וואָס זעט ניט קיין שאָטנס, לעבט אין בלויזן ליכט פון זיין תמיד פינקלדיקן שפּיל פון פאנטאזיע. די אויפשריפט וועלכע לאנדאו האָט געלאָזן אויף דער צווייטער זייט פון אונדזער בילד, רעט שארף און איבערצייגנדיק וועגן דעם: „מיר זענען געוואָרן פריינד — און פרעמדע״. אָבער גראָד די פארשידנקייט פון אונדזערע מענטאליטעטן זאָל מיט א דאָפּלטער שארפקייט דערציילן ווי אומוועלקבאר אין זיינע מעשים און כאראקטער־שטריכן ס׳איז געווען און לעבט אין אונדזערע הערצער דער דאָזיקער גרויסער זון פון יידישן פאָלק און מוסטערהאפטער טרעגער פון אלמענטשלעכע ווערטן, פּראָגרעס און הומאנעם געוויסן.

ער איז אומגעקומען אינעם קעסל פון היטלערס פארברעכן. ער האָט לייכט געקענט זיך אויסבאהאלטן אויף דער ארישער זייט. הונדערטער פון זיינע פריינד וואָלטן אים אויפגענומען און באשיצט. ער האָט אָבער דערקלערט, אז ער מוז זיין דאָ, ווו עס גייען זייער וועג פון לייד און אומקום די מאסן. ער מוז זיין מיט זיי אלעמען. און ער איז פרייוויליק אוועק אין געטאָ און צו דער אייביקייט — דורך די מאסן־קברים און שייטערס...

האָט דען געקענט זיין אנדערש מיטן גדול הדור, מיטן ריטער פון צדק און יושר, מיטן הארציקן און ליכטיקן לייב לאנדאו?

ווארשע, אָקטאָבער 1962.

אידא קאַמינסקאַ

# דערינערונגען וועגן לייב לאַנדאו

זומער 1924, איז דאָס ווארשעווער יידישע קונסט־טעאַטער (ויקט) געווען מיט גאַסטשפּילן אין פּשעמישל. געוועזן איז דאָס עטלעכע וואָכן פאַר דעם בארימטן „שטייגער־בילבול״. (אגב — מיין ערשטער באזוך אין קליינפּוילן).

דער פּשעמישלער קרייז פון אמאטאָרן האָט זיך געגרויסט מיט זיין אָנפירער אדוואָקאַט לייב לאַנדאו. נאָך אונדזער ערשטער פאָרשטעלונג אין פּשעמישל, אויף וועלכער לייב לאַנדאו איז געווען אָנוועזנד, האָבן מיר זיך באגעגנט אין רעסטאָראַן „סיטי״.

לייב לאַנדאו איז געווען א פּרעכטיקער „קאָזער״, פאַרליבט אין טעאַטער און אויך אין זיין „פּאַך״. נאָך די ערשטע פּאָר פראַזן, זענען מיר זיך איינער דעם אנדערן געוואָרן נאָענט. זייענדיק שוין אין דער היים, נאָך דער ערשטער טרעפונג מיט לייב לאַנדאו, דערמאָנענדיק זיך אים, האָב איך פעסטגעשטעלט, אז זעלטן ווען זאָל א מענטש אזוי קליידן א נאָמען, ווי אים. זיין געשטאַלט, זיין ווירדיקער אויסזען... דער מענטש האָט אנדערש נישט געקענט הייסן ווי לייב — לייב לאַנדאו.

דער שטייגער־פּראָצעס האָט אים געשאַפן ענטוזיאַסטן אין גאַנץ פּוילן, ווי אויך אין דער וועלט. מיר, וואָס האָבן זיך שוין געהאַלטן פאַר זיינע פריינד, האָבן זיך געפילט, ווי מחותנים און ווי די נאָענטסטע מענטשן, זיך געפרייט מיט זיין דערפאָלג.

זיין פּאָפּולאַריטעט האָט נישט געמינערט פון זיין פּשוטקייט און אוממיטלבאַרקייט. נישט נאָר וואָס מיר פלעגן זיך זען אין פּשעמישל און אין לעמבערג, וווהין ער איז שפּעטער אריבערגעפאָרן, נאָר ער פלעגט צו יעדער וויכטיקער פאָרשטעלונג קומען קיין ווארשע. די לעצטע פאָרשטעלונג, צו וועלכער ער איז געקומען קיין ווארשע, איז געווען „שעפּסן־קוואַל״ פון לאָפּע דע וועגא, וואָס מיר האָבן אין סוף 1938 יאָר אויפגעפירט אין ווארשעווער טעאַטער „נאָוואָשטשי״. נאָך דער פאָרשטעלונג, זענען מיר אריין אין רעסטאָראַן „פּיקאַדילי״, וואָס איז געווען לעבן דעם טעאַטער אויף דער ביעלאַנסקע גאַס — דאָס קאָן מען נישט דערמאָנען אָן א ציטער, אמאָליקע אויף אייביק פאַרשווונדענע יידישע ווארשע...

יעדע אָפּשאַצונג אינטערעסירט די שפּעער פון א ספּעקטאַקל... אין דעם פאַל האָבן דעמאָלט, זיצנדיק אין „פּיקאַדילי״, די קלוגע ווערטער פון אָפּשאַצונג און לויב ארויסגעזאָגט פון אזא מומחה, ווי ד״ר לייב לאַנדאו, זייער געפרייט סיי מיך, סיי די פון אַנסאַמבל, וועלכע זענען דערביי מיטגעווען. ס׳איז פאַר אונדז געווען א פרייד און דערמוטיקונג אין אונדזער ארבעט.

נישט לאַנג האָט געדויערט, ס׳איז געקומען די מלחמה.

נאָכן איבערקומען די באַלאַגערונג פון ווארשע און די צרות אויפן וועג, זענען מיר מיט דער פאַמיליע געקומען קיין לעמבערג. נאָך שרעקלעכע איבערלעבונגען, דאַרף מען זייער האָבן די ווארעמקייט פון א נאָענטער סביבה. דאָס פלעג איך געפינען אין הויז פון לייב לאַנדאו. ער איז אָבער געווען אביסל ארויסגעשטויסן פון דער גלייכגעוויכט. ערשטנס, צוליב זיין פרויס קראַנקהייט, צווייטנס, האָט ער פּלוצלינג, מיט זיין גאַנצער ערודיציע זיך דערפילט אביסל ווי אַן אָנפאַנגער. צוליב דער נייער סביבה, דער נייער שפּראַך (ער האָט זיינע פאַרטיידיקונגס־רעדעס באַדאַרפט האַלטן אויף אוקראַאיניש). ער האָט אָבער נישט פאַרלוירן זיין הארציקייט און געמיטלעכקייט.

ווען איך בין דעם 21־טן יוני 1941 ארויסגעפאָרן (געזאָלט האָט עס זיין אויף עטלעכע טעג)

אויף גאסטשפילן קיין ראָוונע, האָב איך נישט געוווסט, אז איך דארף מיך מיט לייב לאנדאו געזעגענען אויף לאנג, אויף אייביק...

פארשידענע ווערסיעס האָט מען דערציילט וועגן זיין אומקום. איינע פון זיי וואָס איז צו מיר דערגאנגען אלס ערשטע, שטייט מיר שטענדיק פאר די אויגן:

מע זאָל אים האָבן ארויסגענומען פון זיין וווינונג, אָנגעטאָן א מיצל מיט גלעקלעך אויפן קאָפּ, און אים געהייסן טאנצן איבער די גאסן. און מיטן מיצל אויפן קאָפּ, האָט ער זיך אויס־געגלייכט קוקנדיק די מערדערס גלייך אין די אויגן, האָט ער — לייב לאנדאו — שטאָלץ געענטפערט די רוצחים: „איך וועל דאָס נישט טאָן!"

א קויל אין קאָפּ זאָל אים האָבן אוועקגעלייגט פאר אלעמען אין די אויגן.

איך ווייס נישט צי די ווערסיע איז די ריכטיקסטע, אָבער איך זע אים שטענדיק פאר די אויגן מיט דעם מיצל, ווי מיט א קרוין אויף זיין שטאָלצן קאָפּ.

כבוד דיין אָנדענק, מיין ליבער פריינד.

ד״ר אליהו בלאָך

# ד״ר הערמאַן ליבערמאַן



Dr. Hermann Liebermann

געב׳ 1869 אין דראָהאָביטש, מזרח־גאַליציע, געשט׳ 1941, אין לאָנדאָן.

ד״ר הערמאַן ליבערמאַן איז געווען א סאָציאַליסט — א פּוילישער סאָציאַליסט. אין זיינע קינדער־יאָרן איז די נאַטירלעכע שוצוואַנט קעגן אסימילאַציע־טענדענצן צווישן דער יידישער יוגנט אין די גאַליצישע שטעט געווען — די היים פון די עלטערן, באַזונדערס די רעליגיעזע היים ווו מ׳האָט גערעט יידיש און געזאָרגט פאַר א יידישער דערציאונג פון די קינדער.

וואָס פאַר א בילד מען זאָל זיך ניט פאַרשטעלן פון דער עלטערן־היים פון ד״ר ליבערמאַן — צי מע האָט דאָרט גערעדט מערסטנס פּויליש, אָדער אַן אַנדערע שפּראַך; צי זיין פאָטער האָט זיך גערעכנט צווישן די אָפּהיטער פון די מצוות — אָדער נישט; צי ער האָט פאַרמאָגט א גרעסערע אָדער קלענערע וועלטלעכע בילדונג — איז איינס זיכער, אז אין אָט דעם יידישן הויז אין דראָ־האָביטש אין די יאָרן 80 — 1870, איז נישט געווען די כוונה (און אויך נישט די פעיקייט) צו דערציען די קינדער אין פּויליש־נאַציאָנאַלן גייסט.

די פּוילישע שול, און קודם כל די מיטלשול, האָט זיך אפילו שטאַרק באַמיט גרינטלעך צי באַקענען אירע שילער מיט דער געשיכטע פון פּוילן און מיט דער פּוילישער ליטעראַטור, זי איז אָבער בשום אופן נישט געווען בכוח מבטל צו מאַכן די השפּעה פון דער יידישער היים און פון דעם יידישן אָרום. די פּוילישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט זיך נישט באַמיט צו דערנענטערן צו זיך די יידן, וואָס זענען אין אירע אויגן געווען „פרעמדע״, אָנגעהעריקע צו אַן אַנדערע רעליגיע און קולטור. דעריבער איז הערמאַן ליבערמאַנס פּויליש־נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין נאָר צו פאַרשטיין אין פאַרבינדונג מיטן פּוילישן סאָציאַליזם.

אין יענער צייט האָבן די יידן געבילדעט דעם גרעסטן טייל פון די פּראָלעטאַריער אין דראָהאָביטש. שפּעטער, מיטן אַריינדרינגען פון גרויסן קאַפּיטאַל און מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, זענען עלימינירט געוואָרן די יידישע אַרבעטער פון זייערע פּאָזיציעס. זיי האָבן געבעטן ביים ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס צו דערמעגלעכן זיי אויסצוואַנדערן קיין ארץ־ישראל — צוליב דער סכנה פון אַרבעטסלאָזיקייט.

ליבערמאַן, א מענטש מיט געפיל, דורכגעדרינגען מיטן סאָציאַלן געדאַנק און שטרעבונג צו גערעכטיקייט, מיט קרבנות־גרייטקייט (א כאַראַקטעריסטישע מעלה אין זיין גאַנץ לעבן), האָט געזען די אָרעמקייט און איר פאַרביטערונג קעגן דעם רעזשים, ר׳איז אָבער נישט דער־

גאנגען צו דער מסקנה, אז דער וואָס זיין גורל האָט אים אזוי פאראינטערעסירט, איז געווען — א ייד, ווי ער אליין. אים האָט געפייניקט איין געדאנק: אז דער רעזשים איז אן אומגליק און בושה, מע דארף אים ליקווידירן און ענדערן דורך קלאסן־קאַמף, אונטער דער אָנפירונג פון א סאָציאליסטישער, רעוואָלוציאָנערער פארטיי. בשעת ער האָט די ליידן און אָרעמקייט געזען נאָר אין זייער אלגעמיין־מענטשלעך געשטאלט, האָט זיך דער סאָציאליזם פאר אים אנטפלעקט אין זיין פוילישן געשטאלט.

אין יענער צייט איז נאָך נישט געווען א יידישע סאָציאליסטישע באוועגונג. אין גאליציע האָט עקזיסטירט נאָר איין סאָציאליסטישע פארטיי, א פוילישע אין איר כאראקטער, וועלכע האָט ארויפגעלייגט איר גייסטיקן און קולטורעלן סטעמפּעל אויף דער גאנצער באוועגונג. א דאנק אָט דער באוועגונג איז ד״ר ליבערמאן געוואָרן א פוילישער סאָציאליסט — און אזעלכער איז ער געבליבן זיין גאנץ לעבן. צו 20 יאָר איז ער שוין געווען אן אויסגעצייכנטער פּראָפּאגאנדיסט, ער דערשיינט צווישן די גרינדער פונעם פאראיין פון יידישע ארבעטער „ברידערלעכקייט״ אין דראָהאָביטש. ר׳האָט בכלל זיך גערעכנט אין יענער צייט פאר א גוטן טוער אין דער ארבעטער באוועגונג.

די צוויי יאָר אין פאריז, נאָכן פארענדיקן די גימנאזיע, האָבן שטארק געווירקט אויף ליבערמאנען. ער איז געקומען אין קאָנטאקט מיט דעם פראנצויזישן סאָציאליזם און באאיינפלוסט געוואָרן פון זיין רעוואָלוציאָנערער טראדיציע. ער האָט זיך פארבונדן מיט דער פוילישער סאָציאליסטישער עמיגראציע, (צוו. אנד. מיט סטאניסלאוו מענדעלסאָן, אידעם פון נחום סאָקאָלאָוו) און מיט רוסישע רעוואָלוציאָנערן. שפּעטער איז ער ארעסטירט געוואָרן, זייענדיק פארדעכטיקט אלס פרעמדער בירגער. אומקערנדיק זיך קיין גאליציע, ענדיקט ער שטודירן רעכט אויף דעם קראקעווער אוניווערזיטעט, ווערט אן אדוואָקאט און דערפילט אויך אין קראָקע דעם טעם פון זיצן אין תפיסה.

דער אינטערנאציאָנאלער כאראקטער פון דער פּ.פּ.ס.ד., א דאנק אירע געמיינזאמע צילן מיט די סאָציאליסטישע פארטייען פון אלע „קרוינלענדער״ פון עסטרייך, ווי אויך צוליב דער געמיינזאמער פארשטייערשאפט אין עסטרייכישן פארלאמענט, האָט דערמעגלעכט ליבערמאנען צו געפינען זיין פּאָליטישע אכסניה אין דער פארטיי, וועלכע איז געווען אריינגעטאָן אין קאמף צו פארבעסערן די לעבנס־באדינגונגען און רעכט פון די פעלקער־שיכטן. דעריבער איז נישט געווען קיין צייט צו פארנעמען זיך מיט נאציאָנאלע פּראָבלעמען.

דאָס באשעפטיקן זיך אויף דעם געביט, איז געוואָרן א מאָנאָפּאָל פון די „נאציאָנאלע״ קרייזן, וועלכע האָבן דאָס אויסגענוצט פאר זייערע רעאקציאָנערע צוועקן. דעם פוילישן פּאטריאָ־טיזם האָבן זיך צוגעאייגנט די שליאכטע און די בורזשואזיע. ביים מארשירן פון די סאָציאליסטן איבער די גאסן פון שטאָט, האָבן איבער זייערע קעפּ געפלאטערט נאָר די רויטע פענער, געהילכט האָט נאָר איין ליד — „טשערוואָני שטאנדאר״. דער בירגערלעכער לאגער האָט זיך צוגעאייגנט די פוילישע נאציאָנאלע פאָן און דעם הימן „יעשטשע פּאָלסקא ניע זגינעלא...״ אזוי האָבן עקזיסטירט צוויי פיינדלעכע לאגערן.

אין דער אָפּגעשטאנענער גאליציע, אָן אן אנטוויקלטער אינדוסטריע, איז די פוילישע ארבעטער־באוועגונג געווען געצווינגען צו זוכן א שותף אין איר קאמף. אין דעם ביטערן געראנגל זענען געקומען אין באטראכט די יידישע ארבעטער און קליינבירגער. דאָס איז די פאקטישע סיבה, אויסער אלגעמיין־סאָציאלע מאָמענטן, וואָס האָט באוויגן די פּ.פּ.ס.ד. צו אָרגאניזירן אין אירע רייען יידישע ארבעטער. אגב איז דאָס געווען די איינציקע פוילישע פּאָליטישע פארטיי, ווו יידן זענען געווען מאסנווייז אָנגעשלאָסן אלס חברים.

מיט זיין באזעצן זיך אין פשעמישל אין די ניינציקער יאָרן, האָט אויך דאָ ליבערמאַן געשאפן דעם פונדאמענט פונעם פאראיין „ברידערליכקייט" פון יידישע ארבעטער. צום ערשטן מאָל זענען יידישע ארבעטער און אָנגעשטעלטע ארויסגעריסן געוואָרן פון פּאָליטישער גלייכ־גילטיקייט און אפּאטיע, אָנשליסנדיק זיך אין די רייען פון די קעמפער פון אינטערנאציאָנאלן ארבעטער־קלאס. דאָ זענען זיי דערצויגן געוואָרן צו זיין שטאָלצע מענטשן, מיט קלאסן־באוווסט־זיין. זיי האָבן געהאט א געזעלשאפטלעכן ציל און געהערט צו א באוועגונג, וועלכע האָט זיי געוויזן דאס „אויסדערוויילטע לאנד" אין יעדן אָרט, ווו זיי לעבן און קעמפן.

דעם „גן־עדן" פון בירגערלעכע פרייהייטן און גלייכבארעכטיקונג, האָט ד״ר ליבערמאַן געוואָלט ברענגען אויך דעם יידישן בירגער. אויף זיינע וואל־פאַרזאמלונגען האָט ער זיך געווענדעט צו די באלעבאטים און קליינע סוחרים, בעלי־מלאכות, גאסן־הענדלער, מעקלערס און האנדלס־אָנגעשטעלטע. זיי זענען געקומען אים הערן מאסנווייז: יונג און אלט, מענער און פרויען, ממש געשלונגען זיינע פלאמענדיקע רייד, וועלכע זענען אריינגעדרינגען אין זייערע הערצער. ער האָט פאר זיי גערעדט אין דער דייטשער שפּראך, פארפּוצט די ווערטער מיט פסוקים פון די נביאים (נישט אין העברעיש). די באגייסטערטע צוהערער האָבן אים געגעבן זייערע שטימען ביי די וואלן, און נאָר א דאנק די יידישע וויילער, איז ער צוויי מאָל געוויילט געוואָרן צום פארלאמענט אין ווין. ער איז פאר די יידן אין פשעמישל, באזונדערס פון די אָרעמע שיכטן, געווען די פאַר־קערפּערונג פון זייערע סאָציאַלע פארלאנגען. ער האָט זיי נישט געקענט ברענגען קיין מאטעריעל פארגיטיקונג פאר זייער איבערגעגעבנקייט, קיין קאָנצעסיעס און דערלויבענישן, נאָר פארקערט! נישט איינמאָל האָבן זיינע אָנהענגער זיך געשטעלט אין א קאָנפליקט מיט די הערשער אין שטאָטראט און קהילה, וועלכע האָבן געקאָנט אָפּדינען מיט א טובה די פריינד און באשטראָפן די קעגנער...

דאָס אידענטיפיצירן זיך פון ליבערמאַנען מיט די יידן אין פשעמישל, האָט געפונען זיין אויסדרוק אין נאָוועמבער 1918, ווען ער איז געווען מיטגליד פון פּוילישן נאציאָנאלן ראט, די צייטווייליקע מאכט אין דער שטאָט, נאָכן צעפאלן זיך פון דער מאָנארכיע. דער מיליטערישער קאָמענדאנט פון דער שטאָט האָט אויף די יידן אין פשעמישל ארויפגעלייגט א קאָלעקטיווע שטראָף פון 3 מיליאָן קראָנען און געדראָט איינמאַנען דאָס געלט מיט צוואנג. די דעלעגאציע פון פּאָלקס־ראט האָט זיך פאַרגעשלאָגן אלס ערובניק פאר דער גוטער אויפפירונג פון דער יידישער באפעלקערונג. ווען דער פאַרשלאג איז נישט אָנגענומען געוואָרן דורכן ראט, האָט ד״ר ליבערמאַן זיך אליין פאַרגעלייגט אלס ערובניק. צו אים איז צוגעשטאנען דער נישט־יידישער מיטגליד פון ראט, פירער פון דער ענדעקיש־אנטיסעמיטישער פארטיי אין שטאָט, ד״ר טארנאָווסקי. ערשט דאמאָלט איז דער באפעל פון קאָמענדאנט צוריקגעצויגן געוואָרן.

די יידישע נאציאָנאלע באוועגונג אין פשעמישל האָט ליבערמאַנען באשולדיקט אין... איר שוואכקייט. די לאגע האָט זיך ערשט געענדערט, ווען ליבערמאַן האָט זיין הויפּט־פּאָליטישע טעטיקייט איבערגעפירט קיין ווארשע, נאָכן אויסוויילן אים אלס דעפּוטאט צום געזעצגעבערישן פּוילישן סיים (אויך דאָסמאָל — מיט דער הילף פון יידישע שטימען). דערמיט האָט זיך געעפנט א וועג פאר זעלבשטענדיקער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער יידישער נאציאָנאלער באוועגונג.

די באציאונג פון ד״ר ליבערמאַן צו יידישע ארבעטער, וועלכע האָבן פארלאָזט די פּ.פּ.ס. און געשאפן אַן אייגענע פארטיי, די זש.פּ.ס. (יידישע סאָציאליסטישע פארטיי), איז נישט געווען בעסער ווי צו די ציוניסטן. ער האָט נישט געהאט קיין פארשטענדניש פאר א „סעפּאראטיסטישער" באוועגונג, באטראכטנדיק זיי אלס קעגנער און פאררעטער פון ארבעטער־קלאס און פון סאָציאליזם.

אלס וויכטיקע אויפגאבע — האָט ד״ר ליבערמאַן געהאלטן — איז דער געראנגל קעגן

די צוויי גרויסע פאָלקס־שונאים: מיליטאַריזם און קלעריקאַליזם. בעת דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם האָט געפּרעדיקט פעלקער־פאַרברידערונג, האָט דער מיליטאַריזם זיך פאַרנומען מיט גרייטן קריג פאַרן „קייסער און די מלוכה". די מיליטערישע פּויסט האָט שטאַרק געדריקט דאָס פאָלק, און אין דער זעלבער צייט האָט דער קלעריקאַליזם, אין נאָמען פון דער קירכע, געשטורעמט די נשמה פון די מאַסן.

פיל מוט און דרייסטיקייט האָט זיך געפאָדערט, כדי פירן א קאַמף מיטן מיליטאַריזם אין דעם קייסערלעכן עסטרייך, וועלכע איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן מיליטאַריסטישע מדינה.

פון צייט צו צייט האָט ד"ר ליבערמאַן אָנגעגריפן אין „גלאָס פשעמיסקי" די מיליטערישע קאַמערילע, געטאַדלט דאָס פייניקן רעקרוטן און שלאָגן זעלנער, אַרונטעררייסנדיק דערביי דאָס אָפיצירנטום. נישט איינמאָל איז צוליב ליבערמאַנס אַרטיקלען קאָנפיסקירט געוואָרן די צייטונג, וואָס האָט דאָך ניט געשטערט, אַז זי זאָל פאָרט דערגיין צו א צאָל לייענער. די עפנטלעכקייט איז דערשיטערט געוואָרן פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין מיליטער און דערביי זיך געפרייט, וואָס מע האָט „אָנגעהויבן" מיט דער מאַכט. דער קאָמענדאַנט האָט פאַרבאָטן די אָפיצירן און די זעלנער צו באַזוכן די לאָקאַלן ווו מען האָט באַקומען צו לייענען דעם „גלאָס פשעמיסקי".


NOWY
GŁOS PRZEMYSKI
Rok XXVII
I. SALZBERGA

די ציווילע מאַכט איז געשטאַנען אויף דער זייט פון גענעראַל און גאָרנישט געטאָן צו פאַרטיידיקן די פרייהייט פון וואָרט און פּרעסע, וועלכע איז פאַרזיכערט געווען לויטן געזעץ פון דער מלוכה, פּונקט ווי זי האָט נישט רעאַגירט קעגן די רעפּרעסיעס אויפן געביט פון פּרנסה פון די בירגער, צום גרעסטן טייל — יידן, וואָס זייער לאַגע האָט זיך כסדר פאַרערגערט צוליבן גענעראַלס באַפעלן.

דער קאַמף מיט דעם גענעראַל האָט געקאָסט ליבערמאַנען רדיפות און אַרעסטן, אָבער ווען ער איז פון דאָרט אַרויס — איז ער אויף די אַקסלען געטראָגן געוואָרן איבער די גאַסן פון דער דעמאָנסטרירנדיקער מאַסע.

ליבערמאַן האָט אויך אָנגעגריפן דעם קאַטוילישן בישאָף פון שטאָט, ד"ר יוזעף סעבאַסטיאַן פּעלטשאַר. אויף דעם טראָן אין רוים איז געזעסן דער „אַרבעטער־פּויפּסט", לעאָן דער 13־טער, וועלכער האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון סאָציאַלן פּראָבלעם אין יענער צייט, ווען דער קאַפּיטאַליזם איז דערגאַנגען צו זיין העכסטער מדרגה פון אַנטוויקלונג. פאַר זיין וויכטיקסטע אויפגאַבע האָט ער געהאַלטן — דערווייטערן די אַרבעטער פון די סאָציאַליסטן, די אפּיקורסים... דערפאַר האָט ער געפּרעדיקט צו לייזן די סאָציאַלע פראַגע אין גייסט פון קריסטנטום. שטיצנדיק זיך אויף דער פּויפּסטלעכער ענציקליק „רערום נאָוואַרום", איז דער פשעמישלער בישאָף אַרויס אין קאַמף מיט „זיינע" סאָציאַליסטן, וואָס אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען ד"ר ליבערמאַן. אין דעם גייסט האָט ער פאַרעפנטלעכט א פּאַסטעך־בריוו, וועלכער איז געלייענט געוואָרן אין אַלע קלויסטערס אין שטאָט. דער דאָזיקער בריוו האָט אידענטיפיצירט דעם ייד מיטן סאָציאַליסט.

דעם בישאָף האָט ליבערמאַן געענטפערט אין זיין וואָכנשריפט מיט א ריי אַרטיקלען,

אונטערן קעפל „קווא וואדיס דאמינע״? די דאזיקע ארטיקלען האבן זיך נישט ווייניק געשטיצט אויף ציטאטן פון דער קריסטלעכער עוואנגעליע, ווי דער „פאסטעך־בריוו״ פון דעם בישאף. די ציימונג פון דעם קלער, „עכא פשעמיסקיע״, פלעגט רופן נישט צו קויפן ביי יידן. די לאזונג איז שפעטער אפילו געענדערט געווארן אין א ווייכערן טאן: „קויפט נאר ביי קריסטן״ — אבער ווייטער געזידלט דעם ד״ר ליבערמאן און אים אנגערופן „רויטער ייד״ (ווייל זיינע האר זענען געווען רויט און זיין פאליטישע שטעלונג איז געווען א „רויטע״). ליבערמאן האט נישט געלייגט קיין אכט אויף די באשמוצונגען: „די הינט בילן, און די קאראוואנע גייט ווייטער״ — איז געווען זיין שטעלונג.

אין דער מאס וואס ליבערמאן איז געווען פארהאסט ביי זיינע קעגנער, וועלכע האבן פאר אים מורא געהאט, איז ער געווען באליבט ביי די ארבעטער — יידן און נישט־יידן, פונקט ווי ביי אלע יידן אין שטאט. זיינע אנהענגער האבן געוווסט וועגן זיין ווארעם הארץ, זיין גרייטקייט צו קרבנות אין די אינטערעסן פון פאלק. אלע האבן אים פארערט אלס אומבאלוינטער פארטיידיקער אויף פראצעסן פון די ארעמע שיכטן. דאס פאלק האט געלויבט זיין באשיידן לעבן. ווען די ארבעטער האבן מארשירט איבער די גאסן פון שטאט, האבן געהילכט זייערע אויסרופן: „זאל לעבן דער סאציאליזם, זאל לעבן ד״ר ליבערמאן״. דערפאר אבער האט די הערשנדיקע מאכט געלאזט פריי און אומגעשטערט העצן קעגן אים און אים באשמוצן.

ווען עס איז אין יאר 1907 געפייערט געווארן ד״ר ליבערמאנס וואל־נצחון, האט די פאליציי באקומען א באפעל אנצוגרייפן מיט אנטבלויזטע שווערדן די טויזנטער דעמאנסטראנטן, וועלכע האבן זיך פארזאמלט אויפן פלאץ פון שטאטראט. א גרויסע צאל איז פארוווּנדעט געווארן. דאס האט באדארפט זיין די שטראף פאר אויסוויילן א יידישן דעפוטאט אין דער „קריסטלעכער״ שטאט.

שווער צו זאגן, צי ליבערמאנס יידישער אפשטאם האט ארויסגערופן נעגאטיווע רעאגי־רונגען צווישן זיינע פארטיי־חברים פון נישט־יידישן אפשטאם. א פאקט איז, אז ווען ער איז שפעטער, אין די צייטן פונעם פילסודסקי־רעזשים צוגעטרעטן צו די וועלכע האבן געקעמפט קעגן פילסודסקין, האט מען אים דערמאנט זיין „יידישקייט״. א שארף ארטיקל קעגן אים, געשריבן דורך איינעם פון זיינע געוועזענע פארטיי־חברים, הייבט זיך אן מיט די ווערטער: „נישט זא היציק, הער משה איציק״ — און אין דעם טאן איז געווען דער גאנצער ארטיקל.

א דאנק זיין אריענטירן זיך אין ענינים פון מיליטער, וואס האט נאך געשטאמט פון זיין קאמף מיטן גענעראל גאלגוטשי, האט די סאציאל־דעמאקראטישע פראקציע אין ווינער פארלאמענט ארויפגעלייגט אויפן ד״ר ליבערמאן, די פליכט צו זיין איר ווארטזאגער אין די בודזשעט־פראגן פון מיליטערישער פארטיידיקונג. ער האט זיך ארויסגעוויזן אלס גלענצנדיקער רעדנער אויף אין פארלאמענט און אלס געניטער יוריסט, מיט גרויסע קענטענישן.

די דערוואכונג פון פשעמישלער ארבעטער האט זיך אנגעהויבן נאך פאר ליבערמאנס באזעצן זיך אין דער שטאט, אין די ניינציקער יארן. אבער די פלאנץ וואס ער האט געפונען, איז נאך געווען יונג.

אויסער די ארבעטער, די שטענדיקע תושבים פון פשעמישל, האבן זיך דא געפינען טויזנטער מענטשן, וועלכע זענען געקומען זוכן באשעפטיקונג ביים בויען די פעסטונג, לויט דער אנווייזונג פון מיליטערישן הויפט־שטאב אין ווין.

אין יאר 1894 האט ליבערמאן, צוזאמען מיט אנדערע, געגרינדעט דאס ערשטע פארטיי־קעמערל אין שטאט און אנגעהויבן זיין פארטייאישע ארבעט מיט דערפאלג. צו יענער צייט האבן די זעלבע ארבעטער אויפגעשטעלט צוויי פעסטונגען: איינע — א מיליטערישע, געווענדעט קעגן רוסלאנד; און א סאציאליסטישע — קעגן הערשנדיקן געזעלשאפטלעכן רעזשים. שוין אין יאר

1897 איז דערֿאָבערט געוואָרן די וויכטיקע סאָציאַלע אינסטיטוציע, די קראַנקן־קאַסע, און פֿון דעמאָלט האָבן דאָרט געהערשט די פֿאָרשטייער פֿון דער ארבעטער־באַוועגונג.

אויף די הימלען פֿון אייראָפּע האָבן זיך געזאַמלט וואָלקנס, געקומענע פֿון באַלקאַן. די פֿעלקער פֿון עסטרייך האָבן געשטרעבט צו נאַציאָנאַלער באַפֿרייאונג. אויך די „פּוילישע פֿראַגע" איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אויפֿן אָרדענונג. דער געבאָט פֿון דער שעה איז געווען: אויס־געפֿינען דעם ריכטיקן פּונקט צווישן די אָפּמאַכן פֿון די אויפֿשטייענדיקע פֿעלקער און מלוכות; גרייטן זיך צום קריג און זאַמלען געווער. פּילסודסקי האָט אָנגעהויבן אויפֿצושטעלן זיין מיליטערישן פֿאַרבאַנד „סטשעלעץ" („שיסער"), וועלכער איז שפּעטער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין די פּוילישע לעגיאָנען צו קעמפֿן מיט דער צאַרישער רעגירונג אויף דער זייט פֿון עסטרייכישן און דייטשן מיליטער, מיט דער לאָזונג פֿון א פֿריי פּוילן. אויך ליבערמאַן האָט זיך פֿרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דעם לעגיאָן. ביים אויסברוך פֿון קריג דערשיינט ער אין פּשעמישל — אין מיליטערישער קליידונג, מיט א פּוילישער, אָפֿיצירישער שווערד. אין דער פּוילישער ארמיי האָט ער דערגרייכט דעם ראַנג פֿון א פּאָלקאָווניק.

ער איז דערוויטערט געוואָרן פֿון מיליטער צוליב זיין אַנטי־עסטרייכישער שטעלונג. דערנאָך האָט ער זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין פֿאַרטיידיקן לעגיאָנערן פֿאַר א מיליטעריש געריכט, וואָס האָט זיך געפֿירט אין יאָר 1918 אין מאַרמאַראָש־שיגעט, אונטער דער באַשולדיקונג פֿון פֿאַרראַטן דאָס עסטרייכישע פֿאָטערלאַנד.

אין 1918 הייבט זיך אָן א ניי קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון אייראָפּע און אויך אין לעבן פֿון ד"ר ליבערמאַן. פֿון דעמאָלט אָן געהערט ער אינגאַנצן צו פּוילן.

אַלס סיים־דעפּוטאַט, איז ליבערמאַן געווען טעטיק אין פֿיל קאָמיסיעס, א דאַנק די קענטעניש וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן נאָך אין ווינער פּאַרלאַמענט. זיין דרייסטע האַנדלונג אויפֿצודעקן די שווינדלערייען פֿון דער הערשנדיקער „פּולקאָווניקעס"־קליקע, האָט צו אים אַרויסגערופֿן זייער פֿיינדשאַפֿט. ער איז אין נאָמען פֿון סיים אַרויסגעטרעטן אַלס באַשולדיקער אין פּראָצעס קעגן פֿינאַנס־מיניסטער, וועמען מ'האָט פֿאָרגעוואָרפֿן דאָס אויסנוצן זיין אַמט פֿאַר דער הערשנדיקער קליקע. דערפֿאַר האָט מען פֿון ליבערמאַנען אַוועקגערויבט די פּערזענלעכע פֿרייהייט. לויטן באַפֿעל פֿון פּילסודסקין, קעגן געזעץ, איז ער אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער תּפֿיסה אין בּרעסט־ליטאָווסק. נאָכן פּייניקן אים צוויי יאָר, איז ער געשטעלט געוואָרן פֿאַר א געריכט און פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף שווערע תּפֿיסה. ווען ער האָט נאָכן באַפֿרייען אים, באַזוכט פּשעמישל, איז ער אויפֿגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג. אַזוי האָט די מאַסע אויס־געדריקט איר פּראָטעסט קעגן דער עוולה, וואָס מען האָט געטאָן ליבערמאַנען אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דיקטאַטאָר.

לויט דער אָנווייזונג פֿון דער פּאַרטיי, פֿאָרט ליבערמאַן נאָך דער באַפֿרייאונג קיין אויס־לאַנד — טשעכאָסלאָוואַקיי און פֿראַנקרייך. ער איז דאָרט זייער אַקטיוו. ביים אויסבּרוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געפֿינט ער זיך צווישן די גרינדער פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג, מיט גענעראַל שיקאָרסקי אין דער שפּיץ און איז טעטיק אַלס וויצע־פּאָרזיצער פֿון פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט. מיט רוסלאַנדס אַריינטרעטן אין קריג אין יאָר 1941, שטיצט ליבערמאַן דעם אָפּמאַך מיט די סאָוויעטן. ער ווערט באַשטימט אַלס יוסטיץ־מיניסטער אין דער שיקאָרסקי־רעגירונג, אָבער ער קאָן נאָר א קורצע צייט דערפֿילן די אויפֿגאַבע. ער שטאַרבט פּלוצעם דעם 21טן אָקטאָבער, 1941.

ליבערמאַן איז געשטאָרבן אין דער פֿרעמד, אין לאָנדאָן און איז באַגראָבן געוואָרן אויפֿן בית עלמין אין הייגייט, נאָענט פֿון דעם אָרט פֿון קאַרל מאַרקס קבר, א שיין אָרט פֿאַר א קעמפֿער

פאר סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע. ער איז באַגראָבן געוואָרן אויף פרעמדער ערד און נישט אין פוילן, וואָס פאַר איר און איר פאָלק האָט ער מקריב געווען אַלצדינג.

ד״ר ליבערמאַן איז געווען אַן אַנטי־ציוניסט, ער האָט געקעמפט מיט דער ציוניסטישער „אוטאָפּיע״ און מיט דער בייטש פון חוזק געשמיסן די „טרוימער פון געטאָ״, וועלכע זענען פרעמד זיין גייסט.

דורכגעדרונגען מיט אחריות פאַר דער פוילישער מדינה, האָט ער זיך קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן פון אַוועקשטעלן די פוילישע מלוכה־אינטערעסן העכער פון די אינטערעסן פון זיין יידישן פאָלק. מע דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דווקא ער האָט דער ערשטער געבראַכט די יידישע אַרבעטער אין פשעמישל דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל און געלערנט די אַנדערע יידן נישט בייגן זיך, נאָר אויפהייבן דעם קאָפּ מיט שטאָלץ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מענטש און פרייען בירגער.

אַלס צייכן פון אָנערקענונג, ווידמען די איבערגעבליבענע יידן פון פשעמישל אָט די שורות לזכר דעם ד״ר ליבערמאַן.

ד. נ.

## מיכאל עסטרייכער*

מיכאל עסטרייכער האָט פון זיין פריסטער יוגנט אָן, ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן, טריי געדינט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פשעמישל. זיין טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אַלס איינער פון די מיטשאַפער און גרינדער פון דעם יידיש־סאָציאַליסטישן פאַראיין „ברידערלעכקייט״.

אין די נײַנציקער יאָרן האָט ער געגרינדעט די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אין דער שטאַרקער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אָנקומען פון ד״ר ליבערמאַן קיין פשעמישל, האָט עסטרייכער מיטגעאַרבעט בלב ובנפש.

נאָכדעם ווי די עסטרייכישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געטיילט אין נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו דער פּ.פּ.ס.ד. און איר אָפּגעגעבן זיינע בעסטע כוחות און פעיקייטן. אַ לאַנגע צייט איז ער געווען מיטגליד פונעם שטאָטישן קאָמיטעט פון דער פּ.פּ.ס.ד., אַרבעטנדיק דאָרט אינטענסיוו, בפרט ערב וואַלן. עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, איז ער געווען מיטגרינדער פונעם גרויסן אין שיינעם „אַרבעטער־הויז״. ביז צו זיין שווערער קראַנקהייט פון וועלכער ער איז נישט אויפגעשטאַנען, איז ער געווען מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם הויז. אַ דאַנק אים איז אין יאָר 1897 דערגאַבערט געוואָרן דורך די אַרבעטער די קראַנקן־קאַסע — אַ שטאַרקע פּאָזיציע פאַר זיין פּאַרטיי. אין דער קראַנקן־קאַסע איז ער כסדר געווען מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג. ער פלעגט אויך שרייבן אַרטיקלען פאַר דעם יידישן אָרגאַן פון דער פּ.פּ.ס.ד. „פשעמישלער פאָלקסשטימע״, וועלכע האָט געפלעגט צו דערשיינען פאַר די וואַלן.

ווען ס׳איז אין יאָר 1905 אַנטשטאַנען די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די פּ.פּ.ס.ד. האָט זי העפטיק און מיט אומשיינע מיטלען באַקעמפט — איז עסטרייכער געבליבן אין דער פּ.פּ.ס.ד. און נישט דערפאַר ווייל ער האָט זיך געהאַלטן אָדער געוואָלט אָנגיין פאַר אַ פּאָליאַק, נאָר ווייל ר׳האָט נישט געוואָלט זיך שיידן מיט ד״ר ליבערמאַן, צו וועלכן ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן.

* געשריבן צום טייל נאָך אַ אזכרה אין „גאַווי גלאָס פשעמיסקי״, נומ׳ 20, 14.5.1933.

א קלוגער און געלאסענער, האָט ער זיך געהיטן פון שנאה און רדיפות און איז בלי־ספק געווען דער איש־שלום. אויך אלס הויפט־יועץ פון ד״ר ליבערמאן אין יידישע ענינים, איז עס, ווארשיינלעך, זיין פארדינסט, וואָס ר׳האָט דערפירט ליבערמאנען צו ענדערן זיין שטעלונג צום פראָבלעם פון קיום פון דער יידישער נאציע. בעת ליבערמאן האָט אין יאָר 1897 און נאָך אין 1906 געטענהט, אז אזא נאציע עקזיסטירט נישט, האָט ער בעת די וואלן אין יאָר 1911, אויף א יידישער פארזאמלונג, דערקלערט: „וואָס בין איך שולדיק, אז כ׳בין אויפגעצויגן געוואָרן אויף דער פוילישער ליטעראטור פון קינדווייז אָן?" דאָס באווייזט, אז ער האָט ראדיקאל געענדערט זיין שטעלונג.

עסטרייכער איז אויך נאָכן שלום מיט דער יידישער סאָציאַליסטישער פארטיי נישט ארויסגעטרעטן פון דער פ.פ.ס.ד., דאָך האָט ער ביים יידיש־נאציאָנאלן לאגער גענאָסן פון צוטרוי אלס ייד און איז דעם 1.11.1918 ארייגעגנומען געוואָרן אין יידישן פאָלקס־ראט אלס פאָרשטייער פון דער יידישער סעקציע פון דער פ.פ.ס.ד. אויך דאָ האָט ער געשפילט א וויכטיקע ראָלע.

עסטרייכער איז געווען איינער פון די נאָענטע מיטארבעטער פון ד״ר ליבערמאן, וועלכער האָט אים הויך געשעצט פאר זיין ארבעטס־פלייס און טריישאפט צו דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, ווי אויך פאר זיין גוטן כאראקטער.

אין יאָר 1930 האָט אים א שווערע קראנקהייט אוועקגעריסן פון דער פארטיי־ארבעט, וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבן צענדליקער יאָרן, אָן פערזענלעכע אינטערעסן. ער איז נאָך 3 יאָר ליידן געשטאָרבן אין 1933, אין עלטער פון 66 יאָר.

מיכאל עסטרייכער איז געווען א סוחר אין פראָדוצענט פון פרויען־קאָנפעקציע. אים איז ניט שלעכט געגאנגען, אָבער ער האָט געפירט א זייער באשיידן לעבן. עסטרייכער, הגם אָן הויכבילדונג, איז געווען אַן אָנגעלייענטער מענטש, מיט גוטער אָריענטאציע, ספּעציעל אין פּאָליטיק. ער איז אויך געווען אַן אָנשטענדיקער מענטש.

ד. נ.

## ד״ר לודוויק גראָספעלד

לודוויק גראָספעלד איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1889, אין פשעמישל. זיין פּאָטער, איזידאָר, האָט געשטאמט פון א מיוחסדיקער רבנים־פאמיליע. זיין מוטער באשע איז געווען די טאָכטער פון ר׳ חיים־יצחק בלומענפעלד, א בר־אורין און שארפער מתנגד, ערשטער גבאי פון דער אלטער שול. אָבער זייער זון האָט פאקטיש ניט באקומען קיין יידישע דערציאונג און ניט געזען קיין סך יידישקייט אין דער היים. אָבער אויך פוילישקייט האָט ער דאָרט ניט געהאט צופיל. זיין פּאָטער איז געווען א שוואכער קענער פון פויליש און אויסער דער שטוב ליב געהאט צו רעדן דייטש. לודוויק גראָספעלדס פוילישקייט איז אים געקומען פון דער שול. ער האָט געענדיקט די גימנאזיע אין פשעמישל און שפּעטער שטודירט רעכט. אין יאָר 1912 האָט ער באקומען דאָקטאָראט פון רעכט אויף דעם קראָקעווער אוניווערסיטעט.

אין יאָר 1919 האָט ער געעפנט אַן אדוואָקאטן־קאנצעלאריע אין פשעמישל און זי געפירט ביז סעפּטעמבער 1939. פון יאָר 1924 ביז 1939, האָט ער רעדאגירט דעם סאָציאַליסטישן וואָכן־זשורנאל „נאָווי גלאָס פשעמיסקי".

אלס עמיגראנט אין לאָנדאָן, אין יאָר 1940, איז ער געוואָרן גענעראל־סעקרעטער אין מיניסטעריום פאר ארבעט ביי דער פוילישער עמיגראציע־רעגירונג. פון יולי 1943 ביז



ד״ר לודוויק גראָספעלד
Dr. Ludwik Grossfeld

סעפּטעמבער 1944, איז ער געווען פינאַנס־מיניסטער. פון יולי 1945 — מיטגליד פון דער ליקווידאַציע־קאָמיסיע פון דער פּוילישער באַנק אין לאָנדאָן.

אין אָקטאָבער 1945 איז גראָספעלד צוריקגעקומען קיין פּוילן און פאַרנומען דעם אמט פון וויצע־מיניסטער פאַר שיפס־פאַרקער און אויסערן־האַנדל.

ביי די אַלגעמיינע וואַלן איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין פּוילישן געזעצ־געבערישן סיים. אין יאָר 1949 אָרגאַניזירט ער די פּוילישע האַנדלס־קאַמער פאַר אויסערן־האַנדל, ווערט דערנאָך איר פּרעזעס. אויף דעם אמט בלייבט ער ביז זיין טויט, אין יאָר 1955.

גראָספעלד איז פון זיין פריסטער יוגנט געווען געקניפּט און געבונדן מיט דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג. אין די גימנאַזיע־צייטן, האָט ער געהערט צום אומלעגאַלן פאַרבאַנד פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט „פּראָמיען״. א צייט לאַנג איז ער אויך געווען א חבר אינעם סאָציאַליסטישן יוגנט־פאַרבאַנד אין פּשעמישל „זיעדנאָטשעניע״ („פאַראייניקונג״), וועלכער האָט אַרומגענומען פּוילישע, יידישע און אוקראַינישע סטודענטן. אין יאָר 1907 איז ער אריינגעטרעטן אין דער פּ.פּ.ס.ד. אין די יאָרן 1919 — 1939 איז ער געווען סעקרעטאַר (אָדער פּאָרזיצער) פונעם קרייז־קאָמיטעט פון דער פּ.פּ.ס. פון יאָר 1925 — מיטגליד פון הויפּטראַט פון דער פּ.פּ.ס. אין די יאָרן 1929 — 1939 האָט ער אין דעם פּשעמישלער שטאָטראַט רעפּרעזענטירט די פּ.פּ.ס. אין די יאָרן 1920 — 1930 איז ער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פון דער קראַנקן־קאַסע אין פּשעמישל און מיטגליד פון איר קרייז־פאַרוואַלטונג אין לעמבערג.

גראָספעלד איז אַרויסגעטרעטן אַלס פאַרטיידיקער אין פיל פּאָליטישע פּראָצעסן. נאָך דעם באַרימטן פויערן־שטרייק, האָט ער געפירט די פאַרטיידיקונג פון עטלעכע הונדערט פּאָליטישע אַרעסטירטע אין מיטל־גאַליציע.

גראָספעלד איז געווען איבערגעגעבן זיין אידעאַל און טריי געדינט דער פּאַרטיי. זיין געזעל־שאַפטלעכע סביבה איז דער עיקר געווען א יידישע. דאָך האָט ער זיך געהאַלטן פאַר א פּאָליאַק, אָבער ניט געשטרעבט צו אַסימילאַציע פון אַנדערע יידן.

אברהם כהנא

# פשעמישלער משכילים*

## מרדכי יונה ראָזענפעלד (מישו״ב)

א באזונדער בכבודיקן פּלאַץ צווישן די פשעמישלער משכילים קומט דעם שוחט ר׳ מרדכי יונה ראָזענפעלד, אדער ווי ער האָט זיך גערופן מיט זיין ליטעראַרישן נאָמען — „מישוב״ (ראשי־תיבות פון מרדכי יונה שוחט ובודק).

זייענדיק פון בארוף א שוחט אין דאָרף מעדיקע, דערנאָך אין דאָרף פּאָשניצע (ביידע נעבן פשעמישל), האָט ער זיך ארויסגעריסן פון די ד׳ אמות פון שחיטות און אָפּגעגעבן פיל צייט צו שטודירן פילאָזאָפיע. אין פארלויף פון א געוויסער צייט האָט ער זיך צוגעאייגנט א סך העברעישע פילאָלאָגישע ידיעות און געוואָרן בקי נישט נאָר אין ש״ס און פוסקים, נאָר אויך אין די קלאסישע ספרי חקירה, ווי: מורה נבוכים, חובת הלבבות, אור ה׳ (פון ר׳ חסדאי קרשקש) אבן עזרא א. א.

ראָזענפעלד האָט אָנגעשריבן עטלעכע ספרים פון גרויסער למדנישער באדייטונג. אין דער ערשטער ריי קומט אין באטראַכט זיין חיבור „אור קרוב״, א פירוש אויפן ספר „אור החיים״ פון דעם גאון און מקובל ר׳ יוסף יעב״ץ (א תלמיד פון דון יצחק אברבנאל). דער מחבר פון „אור חיים״ טרעט ארויס קעגן רמב״ם און די פילאָזאָפישע שטודיען בכלל, אָנווייזנדיק, אז א רוב פון דער ספרדיש־יידישער אינטעליגענץ איז נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון און בשעת די שפּאַנישע גזירות זיך אויסגעשמדט, בשעת דאָס פּראָסטע פאָלק האָט מקריב געווען דעם גוף און דאָס פאר־מעגן פאר קדושת השם.

ר׳ מרדכי יונה ראָזענפעלד נעמט אין שוץ די שיטה פון רמב״ם, די נויטווענדיקייט פון פילאָזאָפישע שטודיען, כדי באווייזן די חכמי אומות העולם, אויפן יסוד פון ראַציאָנאַליזם, דעם אמת פון דער אמונה. פון דער אנדערער זייט, ווייזט ער אָן, איז אויך דער רמב״ם נישט געווען קיין אָנהענגער פון בלויזער פילאָזאָפישער מעדיטאַציע, אָן די קאָנסעקווענצן פון אויספירן די מצוות און מעשים טובים.

אין דעם קאָמענטאַר „טור קרוב״ האָט מישו״ב ארויסגעוויזן גרויס בקיאות אין דער העברעישער פילאָזאָפישער ליטעראַטור.

אויף דעם זעלבען ספר „אור החיים״ האָט דעמאָלט ארויסגעגעבן א פירוש אויך דער גרויסער גאון און למדן רבי ר׳ הירש אלימלך פון דינאָוו (בני יששכר), אונטערן נאָמען „מעין גנים״. ער אַטאַקירט דאָרט שאַרף די דעמאָלטיקע יידישע אינטעליגענץ וואָס פארנעמט זיך מיט פילאָזאָפיע און איז נישט מקיים די תורה. דער „מעין גנים״ האָט אָבער געטראָגן א מער פּאָלעמישן, ווי אן אָביעקטיוון כאַראַקטער. דאָס טאַקע האָט מישו״ב געוואָלט קאָרעגירן און דערגענצן — און ס׳איז אים זייער געלונגען. וועגן רבין הירש אלימלך דריקט זיך ראָזענפעלד אויס מיט גרויס דרך־ארץ, אָנרופנדיק אים אין דער הקדמה „מורי ורבי הגאון קדוש ישראל, המחבר ספר „בני יששכר״.

מישו״ב האָט אויך פארפאַסט א פירוש אויף „איוב״ (געדרוקט אין לעמבערג, ביי יעקב עהרענפרייז, 1875), ארויסברענגענדיק דאָרט א סך פון זיין פילאָזאָפיש וויסן און פילאָלאָגישע בקיאות. דער חיבור איז איינער פון די בעסטע אויף דעם געביט. א שאָד, וואָס ער האָט נישט

* „אונדזער טריבונע״, פשעמישל נר. 8־9. 12.7.1930.

איבערגעלאָזט פּירושים אויך צו אנדערע ספרים פון תנ״ך. דער דאָזיקער פּירוש צעפאלט זיך אויף צוויי חלקים: 1) „הוכח מלים״, פאַרנעמט זיך מיט דער עטימאָלאָגיש־לינגוויסטישער זייט, און 2) „כנף רננים״ — א קאָמענטאַר צו די טיפזיניקע דיאלאָגן.

א באדייטנדיקן ווערט האָט די ווונדערבאַרע הקדמה וואָס פאַרנעמט זיך מיטן מחבר און דער געשיכטע פון ספר איוב און מיט דער באדייטונג פון די אקצענטן (טעמים) צו דערקלערן דעם אינהאלט. אין דער הקדמה גיט ער אויך אָן די מאָטיוון, וואָס האָבן אים באַוויגן צו פאַרפאַסן א חיבור איבער א ספר, וואָס האָט שוין גענוג פּירושים פון פריער. גראָד דאָ איז ער א קעגנער פונעם דורך אים אזוי פאַרגעטערטן רמב״ם, וועלכער האָט געשטרעבט מיט געוואלט אריינפּרעסן פאַרשידענע פילאָזאָפישע סיסטעמען פון די אשער׳יטן און אריסטאָטעלעס אין די איינצעלנע געשפּרעכן פון די דיסקוטאנטן. מישו״ב ווייזט אויף, אז דאָס איז נישט אויסגעהאלטן, ווייל אין די געשפּרעכן זענען דאָ פיל סתירות צו די סיסטעמען.

חוץ־מזה האָט ראָזענפעלד נאָך אָנגעשריבן אַן אויסגעצייכענטן פּירוש מיטן נאָמען „עין בוחן״, אויף דעם באַקאַנטן דיכטעריש־פילאָזאָפישן ווערק פון ר׳ ידעיה הפניני בדרשי.

ווי עס איז צו זען פון זיינע ווערק, איז מישו״ב געשטאַנען אונטער א שטאַרקער השפעה פון דעם יידישן פילאָזאָף ר׳ נחמן קראָכמאַל (רנ״ק), פון וועלכן ער האָט אויך איבערגענומען די אויסגעצייכענטע קלאָרע סטיליסטיק.

מישו״ב איז נאָך פון מעדיקע אָן געוועזן שטאַרק פאַרפאָלגט פון די חסידים, וועלכע האָבן צו אים נישט געהאַט קיין צוטרוי צוליב זיין אלגעמיינער בילדונג. נאָך דעם יאָר 1870, האָט ער געמוזט ווערן א לערער פון תנ״ך און אנדערע יידישע קעגנשטאנדן ביי די קינדער פונעם גיטבאַזיצער בראָך אין נאקלאָ (ביי פּשעמישל) און האָט אין דער צייט א סך געשריבן. אין יאָר 1886, פילנדיק זיך קראַנק, האָט ער זיך געהייסן אָפּפירן קיין פּשעמישל, וווּ ער האָט געהאַט פאַמיליע און וווּ זיין זיידע איז א מאָל געוועזן דיין. ער איז דאָרט געשטאָרבן, נאָך א שווער לעבן פון 86 יאָר.

אברהם כהנא

## ביירעך שאפיר — דער יידישער טרובאדור פון פשעמישל

ער איז געווען א בדחן, אימפּראָוויזאַטאָר און דערצו — א לייכטזיניקע נאַטור. זיינע לידער האָבן א קולטור־היסטאָרישן ווערט. פשעמישלער יידן געדענקען אים גאָר גוט. איינער פון די אינטערעסאַנטסטע טיפּן פון פשעמישל אין דער תקופה פון פאַר דער מלחמה. ער איז אויסגעוואַקסן אויפן פוילישן באָדן. ניט איין מאָל האָט ער ממש אַנגעוואָרפן א שרעק מיט זיינע הולטייסטוועס, זייענדיק גלייכצייטיק דער ליבלינג פון דער יידישער באַפעלקערונג. די וואָס האָבן זיך מיט אים צונויפגעטראָפן אויף א שמחה, האָבן הארציק געלאַכט פון זיינע גראַמען און אימפּראָוויזאַציעס.

ארויסשיקענדיק אין דער וועלט זיין „מוזע", זאָגט ער:

גיב א טאַנץ, א לאַך, א קנאַק —
ווילסטו פריינד קריגן,
מיינסטו אין לאָונע און געשמאַק,
פון דער וועלט דיך פיגן.
דאָך זע שטענדיק דיין אידעע
בעסער רעפאָרמירן.
גיי מיין קינדעלע, קינדעלע גיי —
אין דער וועלט שפּאַצירן...

איינע פון זיינע לידער איז באַזונדערס געווען באַקאַנט ניט נאָר אין פשעמישל, נאָר וויט־ווייט אויסער די גרענעצן פון דער שטאָט:

אין דרויסן בלאָזט א ווינט א קאַלטער
א שרעקלעכע כסלו־נאַכט,
ביים לעמפּל שטיל זיצט אַן אַלטער
אין קעמערל פאַרמאַכט.
זיין באָרד שניי־ווייס
די אויגן זיי גליען
און ווײנט רעכט הייס
ביים שערי־ציון.
אויס הערצן דעם טיפן
הערט מען אים רופן
איינציק נאָר דאָס וואָרט:
ירושלים! ירושלים!
מיין טייער הייליק אָרט...

ווײנען וויל איך, זיפצן טרויערן
פאַרגעסן לוסט און טאַנץ.
געבראָכן איז הינטער יענע טויערן
מיין גליק, מיין טראַכט, מיין גלאַנץ.

קיין כוח געבליבן,
קיין מזבח, קיין קרבן,
די נביאים פארטריבן,
אין גלות געשטאָרבן.
טערקישע מאשייען
זעט ווי שטייען,
אויף הר המוריה דאָרט.
ירושלים, ירושלים,
מיין טייער הייליק אָרט...

די צייט האָט דיך שוין אָפּגעפרעסן,
מיט אירע שארפע ליידן.
דערנאָך קען איך ניט פארגעסן,
דיך פארגעסן — ניין!
רוים האָט פארוויסט
דיינע הייליקע שפורן.
די אָסמאַנען האָבן נישט
געשוינט דיינע פלאָרן.
איין וואַנט איז געבליבן,
דערויף שטייט געשריבן
מיט יידיש בלוט דאָס וואָרט:
ירושלים! ירושלים!
מיין טייער הייליק אָרט!...

דער סוף פון דעם ליד איז שוין א שטיק רעטעניש, ווייל דער מחבר פארענדיקט עס מיט א לויב־געזאַנג צו דער פוילישער היים. זיין ליד „חצות" ווידער איז פארזען מיט א העברעישער איבערזעצונג, ווי מיר טרעפן דאָס ביי זיין קאָלעגע וועלוול זבארזשער. כדאי אונטערצושטרייכן, אז די העברעישע איבערזעצונג איז ניט־ווייניקער פליסיק ווי דער יידיש־דייטשער אָריגינאַל. אויסער דעם האָט ער אָנגעשריבן העברעישע לידער מיט מאָטיוון פון דער יידישער געשיכטע.

# רחל קאָרן



Rachel Korn

די יידיש־דיכטערין רחל קאָרן איז געבוירן געוואָרן אין א דאָרף ביים טייך סאן, ווו איר זיידע האָט פארמאָגט באָדן וועלכער איז דורך אים און איר פאָטער באארבעט געוואָרן. דאָ האָט די יינגע רחל זיך אָנגעזאפּט מיט ליבע צו דער ערד, באאיינדרוקט געוואָרן פון דאָרפישן פּייזאזש און דעם פּויערישן לעבן. די דאָזיקע פארבינדונג און נאָענטקייט מיט דער ערד האָבן געהאט זייער פולן אויסדרוק אין די שאפונגען פון דער דיכטערין.

אירע ערשטע דיכטערישע שריט האָט רחל קאָרן געשטעלט דווקא אין דער פּוילישער שפּראך. נאָר שנעל גייט זי איבער צו יידיש. אין יאָר 1928 איז דערשינען איר ערשט ביכל לידער „דאָרף", אין קלעצקינס ווילנער פארלאג. אויך איר ערשט ביכל דערציילונגען איז פאר־בונדן מיט דער דאָרפישער טעמאטיק און טראָגט דעם נאָמען „ערד" (דערשינען אין יאָר 1936 אין ווארשע, פארלאג פון די „ליטעראַרישע בלעטער"). מיט א יאָר שפּעטער דערשיינט ווידער אירס א לידער־זאמלונג „רויטער מאָן", ארויסגעגעבן דורכן יידישן פּען־קלוב אין ווארשע.

רחל קאָרן האָט פיל יאָרן געלעבט אין פּשעמישל. דאָ האָט זי חתונה־געהאט מיט דעם חבר פון דער אָרטיקער פּועלי־ציון אָרגאניזאציע, וועמענס פאמיליע־נאָמען זי טראָגט ביזן היינטיקן טאָג. איר מאן, ווי איר גרויסע משפחה, זענען אומגעקומען אין פּוילן דורך די נאצי־רוצחים. די דיכטערין זעלבסט האָט די מלחמה־תקופה אדורכגעלעבט אין ראטנפארבאנד. זי קערט זיך אום קיין ווארשע מיט דער רעפּאטריאציע־כוואליע, פאָרט שפּעטער אריבער קיין שטאָקהאָלם (שוועדן) און פון דאָרט — קיין מאָנטרעאָל אין קאנאדע, ווו עס וווינט איר איינציקע טאָכטער, א דאָקטאָרין.

אין יאָר 1948 דערשיינט אין פארלאג פון פּוילישן יידנטום אין ארגענטינע איר בוך לידער „היים און היימלאָזיקייט". און אין יאָר 1949, אין מאָנטרעאל — א בוך „9 דערציילונגען".

אין יאָר 1962 איז אין תל־אביבער י. ל. פרץ־פארלאג דערשינען רחל קאָרנס א באַנד לידער „פון יענער זייט ליד", געווידמעט דער דיכטערינס מוטער. כאראקטעריסטיש פאַרן שאפונגס־וועג און שטימונג פון דער דיכטערין, איז די פאָלגנדיקע ווידמונג אין דעם בוך:

„געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין מאמען
חנה בת רבקה
מיין מאמע וואָס איז געווען די געטרייעסטע צוהערערין פון מיינע ערשטע לידער און געווינט צוזאמען מיט מיר אויף דעם גורל פון די אָרעמע און פארשעמטע, האָט זיך שטענדיק געוואונטשן, אז איך זאָל איר נאָך ביים לעבן ווידמען א בוך. אפילו דאָס איז איר ניט געווען באשערט. זי ליגט ערגעץ אין וואלד, מיט א דייטשער קויל אין הארץ — אין דעם הארץ וואָס איז פול געווען מיט ליבשאפט צו מענטש, חיה, וואלד און א יעדן מינדסטן גרעזל.
מיינע לידער זענען דער המשך פון איר פארשניטן לעבן.

אין יאָר 1959 האָט די דיכטערין געוויילט עטלעכע חדשים אין ישראל און איז געווען דער גאסט פון אירגון יוצאי פשעמישל. די היגע יידיש־פרעסע און אייניקע וויכטיקע העברעישע צייטונגען האָבן דער דיכטערין געווידמעט לענגערע אָפּהאנדלונגען און שטארק געלויבט אירע דערגרייכונגען אין דער יידישער פּאָעזיע און פּראָזע. באזונדערס איז כדאי צו דערמאָנען די ארבעט פון גיטל מייזיל אין „דבר הפועלת" און דעם אינטערוויו פון מ. חלמיש מיט דער דיכטערין, פארעפנטלעכט אין דער טאָג־צייטונג „על המשמר".

כדי צו כאראקטעריזירן דעם שאפונגס־וועג פון דער דיכטערין רחל ה. קאָרן, ברענגען מיר אייניקע לידער אירע — וואָס צוויי פון זיי שילדערן פשעמישל.

רחל ה. קאָרן

## אויף חורבות

### 1.

### די שול

ס'שטייט די שול אָן דאך, מיט די צעשפרונג'נע ווענט,
ווי א ברונעם טונקלער, אָפענער פאר רעגן און פאר ווינט,
און ווי אן עמער לאָזט לבנה זיך אראָפּ
ביז צום דעם סאמע הארץ פון איר חרובן גרונט.

און שעפּט און שעפּט פון טיפן, טונקלעם דנאָ
דעם גאנצן גרויל פון אומקום און פארגיין,
בעת ס'געשפּענסטערט דורך די אויסגעהאקטע שויבן
איר קאלט, פארגליווערט ליכט, ווי שטום געוויין.

ווי בלינדע בעטלער טאפּן אין דער פינצטער די פילארן,
ווילן אנטלויפן פון די אָפּגעסמאליעט־נאקעטיקע ווענט,
נאָר ס'פארשטעלן זיי דעם וועג צום שטערן־זאטן הימל
פון טיפעניש די שאָטנס — ווי אויסגעשטרעקטע הענט.

2.
## די שטאָט

ארום פארברענטער שול א וואל פון ציגל, גלאָז,
ווי ס׳וואָלט דער טרויער זיך פארשאנצט פאר יעדער טרייסט —
עס יאָגן זיך דאָ אין די נעכט בלויז הינט ארום און קעץ,
און ס׳בלאָנקעט פון פארברענטע אותיות דער גייסט.

עס קומט אהער דער טאָג מיט שיקלדיקער שיין
און מעסט די גאסן, ווי תכריכים פאר דער שטאָט,
וואָס שטארט מיט בלינדע, אויסגעהאקטע שויבן,
ווי ס׳וואָלט אין זיי געשפיגלט זיך א טויטער גאָט.

נאָר ווען ס׳באווייזט זיך מיטאמאָל ביים ראָג א האקנקרייץ,
און שניידט זיך איין אין גאסן מיט גרויזאמקייט און ווּט,
דאן אנטלויפט פון דאָרט די לעצטע שיין פון טאָג
און ס׳שרייען בלויז די גאסן מיט פרישן מארך און בלוט.

פשעמישל, חשוון 1939.

ד. נ.

# יעקב צינעמאן

ער איז געווען דער עלטסטער זון פון טרייען און טיכטיקן לערער און איידעלן נאציאָנאלן עסקן ר׳ ניסן טאפעט, וועלכער האָט געוווינט אין פשעמישל קארגע 20 יאָר.* זיין מאמע איז געווען די טאָכטער פון דעם ריישער דיין צינעמאן. אזוי ווי די עלטערן פון יעקב צינעמאן האָבן נישט אדורכגעפירט זייער חתונה־אקט אויף א געזעצלעכן אופן (אן אָפטע דערשיינונג יענע צייטן אין די טראדיציאָנעלע יידישע קרייזן אין גאליציע), איז דער זון געבליבן ביים פאמיליע־נאָמען צינעמאן.

ניסן טאפעט האָט מיט זיינע קינדער גערעט נאָר העברעיש און זיי געגעבן אן אויסגע־שפּראָכענע עברית־דערציאונג. יעקב צינעמאן האָט געענדיקט די פוילישע מלוכהשע גימנאזיע אין פשעמישל.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די פאמיליע טאפעט פארלאָזט פשעמישל און זיך באזעצט אין ווין אלס פליטים. יעקב האָט בעת דעם קריג אדורכגעמאכט די מיליטער־דינסט בערך 4 יאָר צייט. דערנאָך האָט ער אויפן ווינער אוניווערסיטעט שטודירט געשיכטע און געאָגראפיע און זיין הויכבילדונג פארענדיקט מיטן דאָקטאָראט פון פילאָזאָפיע.

אין יאָר 1923 טרעפן מיר יעקב צינעמאנען אלס לערער פון געשיכטע און געאָגראפיע אין דער העברעישער גימנאזיע אין ביאליסטאָק און שפּעטער — אין קאליש. אין יאָר 1927 פאָרט ער אריבער קיין ווארשע און דאָ ווידמעט ער זיך אינגאנצן דער ליטעראַרישער און זשורנא־ליסטישער ארבעט. פון אונטער זיין פעדער דערשיינען עטלעכע ביכער און בראָשורן אין פויליש (צוו. אנד. — „דזשעיע יעדנעי רעוואָלוציי", — די געשיכטע פון דער עסטרייכישער רעוואָלוציע). ער פארעפנטלעכט אָפּהאנדלונגען אין דער יידיש־פוילישער פרעסע און הייבט אויך אָן שרייבן אין יידישע צייטונגען. מיר זאָגן „אויך", ווייל צינעמאן האָט ערשט אין קאָנגרעס־פוילן אָנגעהויבן נישט נאָר שרייבן יידיש, נאָר אפילו — רעדן...

ביי די קהילה־וואלן אין ווארשע ווערט ער אוועקגעשטעלט אויפן זיבעטן אָרט פון דער ציוניסטישער ליסטע. ער האָט חתונה אין דער הויפּטשטאָט פון פוילן, דאָרט איז אים אויך געבוירן געוואָרן א זון. ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געפינט ער זיך אין דער פוילישער ארמיי. נאָכן ארײנמארש פון די רוסן אין די מזרח־געביטן פון פוילן, ווערט צינעמאן פארשיקט קיין סיביר. פון דאָרט האָט ער זיך אומגעקערט קיין פוילן ערשט אין יאָר 1946 — און קיינעמען ניט געטראָפן פון זיין משפחה, וועלכע איז אומגעקומען דורך די נאציס. אין יאָר 1947 גיט ער ארויס ווידער זיין בוך „געשיכטע פון ציוניזם" (אין פויליש).

זינט דעם יאָר 1947 וווינט יעקב צינעמאן אין פאריז, ווו ער האָט ארויסגעגעבן עטלעכע ספרים: א פארברייטערטע אויסגאבע פון זיין „געשיכטע פון ציוניזם"; „דער פארגעסענער נביא" (וועגן מאקס נאָרדוי); „אין גערא־נגל" (עסייען); „אין רבנישען שאָטן" (מארקס); „ביאָגראפיע פון טעאָדאָר הערצל"; „דאָס לעבן פון עמיל זאָלא". אויסער דעם פארעפנטלעכט י. צינעמאן זכרונות פון זיינע יוגנט־יאָרן אין פשעמישל.

זיינע ביאָגראפישע און היסטאָרישע ביכער לייענען זיך ווי ראָמאנען. אזא איז דער סטיל פון זיין שרייבן, כדי די ביכער מאכן צוגענגלעכער און אינטערעסאנטער פארן לייענער. איידער ער טרעט צו שרייבן א ניי בוך, לייענט ער א סך אויף דער טעמע און לעבט טיף איבער די פּראָ־בלעמען, וועלכע ער דארף שילדערן. יעקב צינעמאן באהערשט אויך גוט די העברעישע שפּראך, דאָך איז ער נישט דערגאנגען דערצו, אז ער זאָל זיינע ביכער איבערזעצן אויף העברעיש.

* זע: ד. נ. — לימוד השפה העברית בפשמישל, ז׳

חנוך האנד, חיפה

# די ברידער שוועבל



האחים שובל
The Brother's Schwebel

א פארמוטשעטע וועלט —
אין דעם ווילדן ווינטער־וואלד
לאָז דיך נאָר דעמאָלט ארויס,
ווען דו ווילסט נישט דאָרט
זוכן כבוד און געלט...

מיט די ווערטער האָט שמעון שוועבל געווידמעט א געשענק־בוך א חבר, וואָס האָט פארלאָזט פשעמישל, כדי זוכן מזל אין דער ברייטער וועלט. שמעון און זיין ברודער לייב, וועלכן מ'האָט געוויינלעך גערופן לייביש, זענען געווען צוויי פשעמישלער געשטאלטן פון א באזונדערן פארנעם. פון פאך בוכבינדערס, זענען זיי, יעדער אויף זיין שטייגער, געווען פערזענלעכקייטן אויף דעם געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן געביט.

זייער בוכבינדעריי אויף דער שניגאָרסקי גאס (אין דעם זעלבן הויף איז געווען דער לאָקאל פון „השומר הצעיר"), איז גלייכצייטיק געווען א זאמל־פונקט פון די אלע וואָס האָבן געהאט אן אינטערעס אין יידישע ליטעראטור, קונסט און פאָליטיק.

פון איבערצייגונג זענען זיי געווען אנארכאָ־סינדיקאליסטן. זייערע העלדן — באקונין, שטירנער, פרודאָ, גודאווין. זיי האָבן געגלויבט אין דער עוואָלוציע פון דער מענטשהייט. זיי האָבן אויף פארשידענע געביטן פארשפרייט, אין די ראמען פון זייערע באגרענעצטע מעגלעכקייטן, יידישע און אלוועלטלעכע קולטור, דורך דעם גערעדטן וואָרט. לייביש שוועבל איז געווען א טאלאנטפולער רעדנער (באזונדערס אויף ליטעראַרישע טעמעס). ער איז אויפגעטרעטן מיט רעפעראטן אָן א צאָל אין פשעמישל און אין אנדערע שטעט, באגייסטערנדיק די צוהערער מיט זיינע גייטסטרייכע דערציילונגען איבער ביכער, טעאטער און קונסט. אומפארגעסלעך זענען מיר געבליבן אין זכרון זיינע פאָרטראָגן איבער „קינאָ, טעאטער און די טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט" (א טעמע וועלכע ס'האָט מיט א יאָר שפּעטער באהאנדלט דער רוסישער שרייבער איליא ערענבורג אין זיין בוך „פאבריק פון חלומות"). ער האָט איניציאירט אן אקציע צו פארשפרייטן דאָס

יידישע בוך אין אָריגינאַל און איבערזעצונגען פון דער אלגעמיינער ליטעראַטור. ער האָט רעפערירט איבער די יידישע קלאַסיקער: מענדעלע מוכר ספרים, שלום-עליכם, י. ל. פּרץ. ער איז געווען א גלענצנדיקער פּאָרזיצער און פאָררעדנער פאר אזעלכע געסט-רעפעראַטן, ווי זרובבל, איציק מאַנגער, מלך ראַוויטש, שפּענער, אשענדאָרף און אנ.

ער מיט זיין ברודער שמעון זענען געווען פון די אקטיווסטע טוער אין דער פּשעמישלער אָפּטיילונג פון דער „יידישער שול אָרגאַניזאַציע". (דאָס איז געווען די סיבה צו גלויבן, אז זיי געהערן צום „בונד"). זיי האָבן אויך אָנגעפירט מיט אָוונט-קורסן פאר יידיש און מיט אמאַטאָרן-גרופּן, איינגעשטעלט און אויסגעפירט יידישע טעאַטער-פאָרשטעלונגען. שמעון איז געווען א קלענערער רעדנער, אָבער א פיינער ליטעראַטור-קריטיקער און אויך א שרייבער (ווי ס'איז מיר באַקאַנט, האָט ער נישט פאַרעפנטלעכט זיינע שריפטן, דער עיקר — צוליב צענזורעלע סיבות). אַן אמאַטאָרן-גרופּע פון עטלעכע צוואַנציק מאַן, האָט אויפגעפירט זיין טעאַטער-שטיק „אין א באַלאַגערטע שטאָט", וואָס האָט (אין דריי אקטן) באַהאַנדלט די ראָל פון „א שרייבער, א סוחר און ווייב" אין דעם באַלאַגערטן פּשעמישל בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה. יעדער חשובער גאַסט, אויף דעם יידיש-ליטעראַרישן געביט, וועלכער איז געקומען קיין פּשעמישל, האָט נישט פאַרפעלט צו באַזוכן די ברידער שוועבל און זייער בוכבינדעריי, וועלכע איז געווען אַן ענג צימערל פול מיט מאַשינען, שטויסן פון פּאַפּיר און — א וועלט מיט ביכער, וועלכע יעדער האָט געקענט לייענען. דאָרט האָט מען טאַקע היציק דיסקוטירט איבער יעדן ניי-דערשינענעם בוך. און אז מ'האָט דיסקוטירט איבער ביכער — האָט מען פאַרגעסן די אַרבעט וואָס האָט געוואַרט, מ'האָט פאַרגעסן אין דעם ענגען, אומבאַקוועמען אָרט, ווו אפילו פאַר בענקלעך איז נישט געווען קיין פּלאַץ. דערפאַר אָבער האָט מען זיך געפונען אין די העכסטע ספערן פון דער




פשמישל חוגגת את יום הולדתו ה־80 של שלום עליכם
Przemyśl celebrates Shalom Aleichem 80-th birthday

מוזע. יעדע פּאָליטישע געשעעניש צי אונטערדריקונג פון יידן אין זייערע רעכט (ווי די ריטועלע שחיטה, למשל), האָט תמיד געבראכט יונגעלייט אין דער בינדעריי פון די שוועבלס צו הערן זייער מיינונג. און די מיינונג איז תמיד געווען א קלוגע, דורכגעטראכטע. זייערע פּאָרויסזאָגונגען האָבן זיך מיינסטנס פארווירקלעכט און דאָס האָט זיי געגעבן דעם שם אלס גוט־אָריענטירטע פּאָליטיקער.

אין יאָר 1939 זענען זיי געווען די איניציאטאָרן און דורכפירער פון גרויסע פייערלעכקייטן לכבוד דעם 80־טן געבוירנטאָג פון שלום עליכם. די פארשידענע פאראנשטאלטונגען האָבן געדויערט א חודש צייט.

שמעון שוועבל איז געבוירן געוואָרן אין 1904, לייבוש — אין 1906. זיי האָבן געשטאמט פון א שטרענג־אָרטאָדאָקסישער משפחה. ווען די נאציס זענען אריין קיין פשעמישל, האָבן זיי ביידע געהאט די מעגלעכקייט צו אנטלויפן, אָבער זיי האָבן באשלאָסן צו בלייבן מיט דער משפחה (לייביש האָט געהאט א פרוי און טאָכטער). זיי זענען אלע אומגעקומען פון די נאצישע רוצחים.

אליהו בלאָך

# טיפן פון דער יידישער גאס

ווייניקער יחסנים, מערער — עמך־מענטשן, וועלכע טויכן אויף אין זכרון, הגם עטוואס פארנעפלט. דערציילט פון א פשעמישלער ייד, לויט דעם וואָס ער אליין האָט געזען און ווי זיין מוטער ע״ה האָט זיי געשילדערט אין אירע דערציילונגען.

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין מוטער סערקא (סאלע) בלאָך, די טאָכטער פון שלמה און יענטע מאָרגנרויט.

## א.

געווען אמאָל א שטאָט פול מיט יידן. גערופן האָט מען זי — פשעמישל, אויף יידיש — פרעמיסלע. „פשעמישלער יויך" מיינט נישט, אז זי איז אויף א באזונדערן אופן געקאכט געוואָרן, נאָר אז די יידן פון פשעמישל האָבן גערן געגעסן דאָס מאכל... למען האמת דארף געזאָגט ווערן, אז דאָקומענטארע באווייזן אויף דעם — זענען ניט בנמצא.

אין יענער תקופה וואָס ווערט דאָ געשילדערט, האָט אויף די הויפּט־גאסן פון שטאָט שוין געברענט עלעקטרישע ליכט, ווי אויך אין בעסערע געשעפטן און אין אייניקע וווינונגען. דאקעגן איז דער אלטער יידישער לעבנס־שטייגער געבליבן ווי אומפארענדערט. מ׳האָט זיך ניט געקלאָגט אויף פארדאָרבענע זיטן און די טראדיציאָנעלע יידישע מנהגים האָבן נאָך געהאט זייער אָנהאלט אין לעבן. די זקנים האָבן נישט געהאט קיין גרונט צו זאָגן, אז זיי פארשטייען נישט די היינטיקע וועלט...

ווי יעדע עיר ואם בישראל, איז אויך פשעמישל געווען רייך אין קעגנזאצן און קאָנפליקטן. דער פארביקער צוזאמענשטעל פון דער יידישער באפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט די קאָמפּראָמיסלאָזע חסידים און זיך פארענדיקט מיט די פרעכע אפיקורסים. ריין אויסערלעך האָבן די דאָזיקע קאָנטראסטן זיך געוואָרפן אין די אויגן מיטן אונטערשייד אין דער קליידונג. אין די ענגע און קליינע געסלעך פונעם יידישן קווארטל, ווימלט און שווימלט מיט געשטאלטן וואָס טראָגן לאנגע בערד און פיאות, מיט קעשענעס פון אונטן, פון וועלכע ס׳קוקט ארויס א רויטע פאטשיילע און א ליולקע־ציבעך, אויפן קאָפּ — א שווארצער ביבערהוט. די שבת־יומטוב טראכט איז געווען א זיידענע בעקעשע און אויף איר — א ראדזשיווילקע (אין ווינטער — א טולופּ, אויב עס האָט געסטייעט אויף א שבתדיקן און א וואָכעדיקן), און דערצו — א שטריימל. וואָס שענער דער בעל־הבית — שענער דער שטריימל...

יענע וואָס האָבן שוין א נאש געטאָן פון וועלטלעכקייט, זענען שבת געגאנגען אין שול אריין מיטן צילינדער אויפן קאָפּ. ביום חול האָבן זיי א פשוטן הוט געטראָגן און אן איבערציער, וואָס איז געווען, ווי זייער באָרד, לויטן מאסשטאב פון זייער „וועלטלעכקייט", מער אָדער ווייניקער געקירצט. פון יאָר צו יאָר איז געוואקסן די צאָל פון די וואָס האָבן זיך סתם געקליידעט „דייטש".

דאָ רעט זיך ניט וועגן דריי דורות וועלכע האָבן פאָלגלעך, איינער נאָכן אנדערן, אדורכגעמאכט די רעוואָלוציע אין דער קליידונג און אין דער... „וועלט־אנשויאונג". ווייל זייער אָפט האָט פּאסירט, אז דער זעלבער ייד האָט אין פארלויף פון זיין קורצן לעבן דערפילט אויף דער אייגענער הויט דעם „אנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער בעקעשע ביז צום גייראָק". ער פלעגט דערנאָך שטאָלצירן, וואָס זיינע „הערן־מאָדע זאכן" שאפט ער זיך איין אין „קינג אָף אינגלאנד" אויף דער פראנטשישקאנסקע, אָדער אין „פרינץ אָף וועלס" אויף דער לוואָווסקע־מיצקיעוויטשא. זיין הארץ האָט דאן געקלאפט הינטער א ווייס־שטייף העמד, וואָס איז ניט מער געווען פארשטעלט מיט דער באָרד, וועלכע איז געפאלן א קרבן פון ראזיר־מעסער. לצים האָבן אפילו געפרוווט אָפּ־חוזקן פון די „דייטשן":

די זין האָבן מיטן טאטן
אוועקגעוואָרפן די כאלאטן.
ווען זיי וועלן זיך מודים ביקן
וועט מען זיי אין — — — ארייינקוקן...

אָבער דאָס האָט די „גויים" ווייניק געאַרט.

אז אירווילט, איז דאָס טאקע א קאפיטל קולטור־געשיכטע פון שטאנדפונקט פון מאָדע און קליידונג.

## ב.

ווי די אנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, קען זיך נישט פשעמישל בארימען, אז צווישן אירע מויערן איז געשטאָרבן א ראָטשילד. געווען אפילו יאָ א רייד וועגן פשעמישלער מיליאָנערן און גבירים, אָבער געמאָסטן מיטן מאסשטאב פון די דאמאָלטיקע מיטל־גרויסע יידישע קהילות. זיי האָבן זיך געפונען אויפן העכסטן שטאפל פונעם געזעלשאפטלעכן לייטער. נאָך זיי זענען געקומען בעלי־הבתים, וועגן וועלכע מ'האָט דערציילט, אז זיי לעבן אין ווילשטאנד. צו דער קאטעגאָריע האָט מען אריינגערעכנט אזעלכע, וואָס האָבן א דאנק זייער סטאבילן מקור פון פרנסה, געהאט א געזיכערטע עקזיסטענץ. צום אונטערשייד פון אָט דער קאטעגאָריע, האָט די גרויסע און גראָע מאסע, ווי סוחרים, קליינהענדלער און האנטווערקער, אָנגעשטעלטע און לוין־ארבעטער, געמוזט האָרעווען שווער און ביטער און זאָרגן פאר א בכבודיק מפרנס זיין זייערע פאמיליעס. אויב אפילו די פארדינסטן האָבן נישט תמיד געקלעקט צו באפרידיקן דעם אָנגענומענעם לעבנס־



The "Gate"-square, 1949 — „ככר השער", 1949 — „אויפן טויער", 1949

ניוואַ, האָבן די דאָזיקע יידן נישט געמוזט זיך ארויסהעלפן דווקא מיט פאסטן תעניתים, כדי אויסצוקומען מיט דער וואָך... אין יענע צייטן איז זייער שווער געווען צו פארדינען דעם גולדען — אָבער דער גולדען איז נאָך געווען א מטבע! אין עסטרייכישן פארלאמענט און אין דער פרעסע האָט זיך געקאָכט, ווען מ׳האָט פאַרגעלייגט צו העכערן דעם צוקער־שטייער מיט 1 גראַצער...

אויך „ביים טויער" ווערן אלזייטיק באַהאַנדלט די אלע ענינים. אויף דעם פרייען פלאַץ ביי דער רעפאָרמאַטן־קירכע, לעבן דענקמאָל פון יענעם מאַנאך וואָס זאָל האָבן געראַטעוועט פשעמישל פון א פיינדלעכן איבערפאל, פלעגן זיך יעדן טאָג טרעפן די פשעמישלער „שטעקעלעך־יידן" און אנדערע פון זייער שניט. דאָ האָט מען ארומגערעט אלץ וואָס קאָן דינען אלס טעמע פאר געשפרעכן. דאָ זענען געפירט געוואָרן האנדלס־טראנזאקציעס — פון זייער אָנהייב ביזן סוף. „ביים טויער" איז געקומען צום אויסדרוק אלץ וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין שטאָט — אין עפנטלעכן, ווי אין פריוואַטן לעבן. קומענדיק א היים, האָט מען שוין אלץ געוווּסט. דאָס אויסשרייבן א צייטונג איז געווען אן איבעריקע זאַך... נאָר די וואָס האָבן געוואָלט דערגרונטעווען ענינים, האָבן אבאָנירט א בלאַט (לרוב — די ווינער „נייע פרייע פרעסע") פון דער צווייטער האַנט — ביי שטיבערן, אָדער אין אן אנדער קאַפע־הויז; געווען אויך אבאָנענטן פון דער דריטער האַנט.

ג.

געניטע קענערס פון דער יידישער עקאָנאָמיע האָבן געטענהט, אז יעדער ייד מוז כאָטש איין מאָל זיך „אָפּשטעלן". קוים איז ער געשטאָרבן, נישט מקיים זייענדיק די דאָזיקע „מצווה" — איז ער פאר דער צייט געשטאָרבן. ס׳וואָלט געווען א הימל־שרייענדיקע עוולה צוצושרייבן דאָס זעלבע, אין דער אלגעמיינער פאָרם, אונדזער שטאָט. דאָס מיינט אָבער נישט, אז אין פשעמישל זענען בכלל נישט געווען קיין באַנקראָטן. ס׳וואָלט געווען צו שיין און אפילו — אוממעגלעך, ווייל אלע עטלעכע יאָר איז געווען א קריזיס, וועלכער האָט געפאָדערט זיינע קרבנות. וויניקער — צווישן די בעלי־מלאכות, מערער אין האנדל, דער עיקר — אין דער מאנופאקטור־בראַנזשע (טעקסטיל).

די דאָזיקע באַנקראָטן האָבן זיך געלאָזט פארשידנאַרטיק איינטיילן. קודם־כל אזעלכע, ווי דער קרבן איז געווען דער ווינער (זעלטענער — דער לעמבערגער) ליפעראַנט, און די אָרטיקע הלוואות־געבער, פּריוואַטע, אָדער ליי־קאַסעס, באַקאַנט גיכער אונטערן נאָמען באַנק אָדער בענקל. געווען באַנקראָטשיקעס וואָס האָבן זיך אויסגעגליכן מיט זייערע קרעדיט־געבער. אנדערע ווידער האָבן געהאַלטן וואָרט: אויב זיי האָבן איין מאָל געזאָגט אז כ׳צאָל נישט — זענען זיי מוותר געווען אויף די רעכט צוריק צו נעמען דאָס אייגענע וואָרט...

עס פלעגט אויך פּאַסירן, אז די גלעיטענע האָבן דערלאַנגט אָנקלאַגעס צום פּראָקוראָר און דער ענין איז געבערענגט געוואָרן פארן געריכט און האָט אפילו זיך פאַרענדיקט מיט א תפיסה־שטראָף. די קרובים פון אזא פארמשפטן פלעגן דערנאָך דערציילן, אז ער איז „געפאָרן אין די בעדער". געווען אויך אָפּנהארציקע נאַטורן, וועלכע האָבן נישט געהאַלטן בסוד־סודות דאָס וואָס איז במילא געווען א סוד פאר גאַנץ בראָד... זייער טענה איז געווען, אז אייגנטלעך איז אויך דאָס קרימינאַל באַשאַפן געוואָרן פאר מענטשן — און מ׳איז דאָך ניט מער ווי א זינדיקער בשר־ודם.

אָפּט פלעגט טרעפן, אז אן אָנזעצער איז פלוצים נעלם געוואָרן. ער האָט זיך אוועקגעלאָזט אין דער ווייטער וועלט אריין, נישט דווקא קיין ארץ־ישראל, נאָר קיין אמעריקע. קאָלומבוס האָט אנטדעקט אמעריקע נישט נאָר פאר יענע חכמים, וועלכע האָבן ניט געוואָלט דינען ביי קירען גאַנצע 3 יאָר, אָדער פאר אזעלכע פארשוינען, וועמען דאָס אייגענע ווייב איז דערעסן געוואָרן... באַזונדערס שטרענג כלפּי די אָנזעצערס איז אין ערשטן יאָר פון זיין אמטירן געווען דער פּראָקוראָר סטעבעלסקי. נאָר ווי עס געשעט אָפּט, איז אין פארלויף פון דער צייט פארווישט

געוואָרן די „פיינדשאפט" צווישן די צדדים. דער פּראָקוראָר און זיינע קליענטן האָבן „זיך צוגעוווינט איינער צום אנדערן". א דאנק דעם האָבן זיך געמערט די פאלן, אז איבער דער גרויסער שילד מיטן נאָמען פון סוחר איז אויפגעהאָנגען געוואָרן א גאנץ קליין טעוועלע מיטן נאָמען פון זיין פרוי, און אונטער אָט דעם נאָמען, מיט קליינטשיקע אותיות, דאָס איינציקע וואָרט „פריער" („פשעדטעם"). דער דורכגייער האָט זיך באלד אָריענטירט ווי דאָ זענען אויס די ענינים: די קלאָג איז פארטיק...

## ד.

אז מען דערמאָנט זיך אין די פריילעך־טרויעריקע געשיכטעס, קומען אויף אין זכרון די געשטאלטן פון יענע פשעמישלער בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן פון אייגענער פראצע זיך פארדינט זייער שטיקל ברויט. וועגן אייניקע פון זיי פלעגט אונדז דערציילן די מוטער אָדער די מומע. ווער ווייסט נישט וועגן שיע געדאנקענשניידער, וואָס האָט גענייט קליידער, יאקעס, מאנטלען וכדומה. אזוי ווי די קליענטן און זייער שניידער האָבן נישט געוווּסט פון קיין מאָדע־זשורנאלן, פלעגט ר' שיע, נאָך פארן נעמען זיך צו דער ממשותדיקער ארבעט, אריבערקלויבן זיך אין זיין בוידעם־שטיבל און דאָרט, אין משך פון שעהן־לאנגער איינזאמקייט און קאָנטעמפלאציע, זוכן אינספּיראציע פאר דער עבודה. דערפאר אָבער איז די באשטעלונג אויסגעפירט געוואָרן צו דער צופרידנקייט פון קליענט און מייסטער. מיט אזא מאָדעלירט קלייד איז נישט געווען וואָס זיך צו שעמען. מ'האָט זיך געמעגט באווייזן דערמיט אומעטום — אין שול, ווי אויך אונטער דער חופה.



דער פיש־פלאַץ | הככר לפני בית הכנסת העתיק | Ancient Synagogue front square

מעכל שוסטער — א ברייטפּלייציקער מאַן, מיט א פּעך־שוואַרצער רונדיקער באָרד, האָט זיך אונטערשיידעט פון אלע שוסטערס אין דער וועלט. אָ, ער איז ניט געווען קיין פּאַרטאַטש. א שוך פון מעכלס וואַרשטאַט האָט פאַראיידלט אפילו אַן אומגעלומפּערטן פוס פון דער שיינער יידישער טאָכטער. מעכל שוסטער האָט שטענדיק געהאַלטן וואָרט בנוגע די צוגעזאָגטע טערמינען אויס־צוענדיקן די אַרבעט, הגם ער פלעגט יעדן טאָג דאַווענען מיט מנין, אויסער זיין טעטיקייט אין דער חברה משניות. ער, פּונקט ווי די אַלע וואָס ווערן דאָ באַשריבן, זענען געווען גאָטספאַרכטיקע, שטרענג־פרומע יידן און גאַרניט שולדיק געבליבן דעם רבונו־של־עולם...

אויך ביירעך בעקער איז געווען א פרומער, גאָטספאַרכטיקער מאַן, שטאָלץ מיט זיינע אויסגעבאַקענע ברייטלעך און חלות, ווי מיט זיינע גראָבע טעכטער. טריי די עבודות הבורא איז אויך געווען משה גאָלדפאַרב, וועלכן מ׳האָט צוליב א נידעריקן אַקסל גערופן משה הויקער. זיין שלאָסעריי האָט ער זייער ליב געהאַט און אפילו אויסגעלערנט דאָס פאַך זיינע בנים. דערביי האָט ער געהאַט נאָך א באַשעפטיקונג, פאַר וועלכער ער האָט אַן באַלוינונג זיך געווידמעט בלב ונפש: גבאַי פון קליינעם בית־המדרש. זיין קליינע פאַרוואַקסענע געשטאַלט איז געווען די טרייב־קראַפט אין דעם בית־התפילה. משה גאָלדפאַרבס שלאָסער־וואַרשטאַט האָט זיך געפונען אין א הויז אויף דער קאָזשימיעזשאָווסקע גאַס, „פּאַד קשיאַנזשקאַן" („אונטערן בוך"), אין א קעלער־לאָקאַל אויפן הויף. פון יענעם הויף האָט מען גלייך געקענט אַרויסקומען אויפן פיש־פּלאַץ.

דער פיש־פּלאַץ, ווי עס לויטעט זיין נאָמען, האָט אינגאַנצן געהערט די יידישע פישערס, וועלכע האָבן ממש מאָנאָפּאָליזירט דעם פיש האַנדל אין שטאָט. מיטן פישפאַנג האָבן זיי זיך ניט פאַרנומען, איבערלאָזנדיק די מלאכה פאַר אַנדערע. זיי האָבן נאָר פאַרקויפט פיש, אויך צו קריסטן, צו געוויסע יומטובים זייערע. דאַקעגן יעדן דאָנערשטיק, (אַמאָל אויך — מיטוואָך) ווייניקער — פרייטיק, פלעגט מען זען יידישע ווייבער איינקויפן קאַרפּן, העכט און אַנדערע ביליקערע סאָרטן. אין יענע צייטן אין פּשעמישל איז דער מאַן — „די קרוין פון באַשאַף" — ניט געווען פאַרנומען ביי אַזעלכע „דערנידעריקנדיקע" אַרבעטן, ווי וואַשן געפּעס, וויגן קינדער, איינקויפן אין די געשעפטן. דאָס אַלץ האָט געהערט דער פרוי, אפילו ווען זי איז געווען די גאַנצע פּרנסה־געבערין. דאָך האָבן זיך געפונען אין שטאָט אייניקע מענער, וואָס האָבן מיטן קויפן פיש ניט פאַרלאָזט זיך אויף זייערע פרויען, נאָר אַליין זיך מטריח געווען אויפן פּלאַץ. די מענער זענען געווען באַקאַנט אַלס ליידנשאַפטלעכע פיש־עסערס און אַרויסגעוויזן גרויס מבינות אויף דעם געביט. פּונקט אַזוי זענען באַקאַנט געווען די פישערס מיט זייער אָפענעם אַרויסברענגען זייערע מחשבות — „וואָס אויף דער לונג — דאָס אויף דער צונג". אין פּשעמישל איז אַרומגעגאַנגען דאָס ווערטל: „כבוד קויפט מען אין יאַטקע און אויף דעם פיש־פּלאַץ".

ה.

טעפּערן דעם איינבינדער פלעגט מען אָנפאַרטרויען דאָס שענסטע און טייערסטע בוך צום בינדן. ער האָט געהאַט א גוט־אויסגעשטאַטעטע בוכבינדעריי, אין קעגנזאַץ צו יאָסעלע איינבינדער — אַן איינגעשרומפּן יידעלע, מיט א פאַרפּעצטער קאַפּאָטע. אונטער דעם פּילצענעם הוט — א צעשויבערטע באָרד, א פּאָר לעבעדיקע, שעלמישע אויגן. זיין וויכטיקסט אַרבעט־געצייג — די פּרעס, האָט ער באַקומען פון דער פונדאַציע א.ג. פון באַראָן הירש.

יונה בעל־עגלה האָט ניט געקענט טראָגן קיין לאַנגע מלבושים. זיי וואָלטן אים געשטערט ביי דער אַרבעט. ער גופא, א ייד מיט באָרד און פּיאות, האָט פאַרמאָגט א פערד־און־וועגעלע צו פירן משאות — אָבער נישט קיין צו שווערע... דאָס וואָלט מען נישט געטאָרט פאַרלאַנגען פון יונהס שקאַפּע, וועלכע ר׳האָט כסדר אַנטוויינט פון עסן. צוליב דעם האָט ער פון טאָג צו טאָג איר פאַרקלענערט אירע פּאָרציעס — און א דאַנק דעם איז צוביסלעך געשטילט געוואָרן זיין

אייגענער הונגער. דער אומברחמנותדיקער גורל האָט געוואָלט, אז ווען יונה האָט געמיינט אז אָט־אָט דערגרייכט ער דעם ציל און מיט פרנסה ווערט לייכטער — האָט דאָס נארישע פערד זיך אויסגעצויגן אין מערער ניט אויפגעשטאנען.

אָבער דאָס האָט ניט געקענט פאסירן מיט די וואָס פלעגן איבערטראָגן משאות אויף די אייגענע פלייצעס. דער זאמלפונקט פון די יידישע טרעגערס, וועמענס ארבעטס־געצייג איז געווען בלויז א לאנגער, דיקער שטריק ארומגעוויקלט ארום די לענדן, איז געווען דאָס אָרט ווו עס טרעפן זיך צונויף די גאסן פראנטשישקאנסקע און קאזשימיעזשאָווסקע, אנטקעגן דעם געשעפט פון ה׳ מארקוס אייזנער און דער טראפיק פון ר׳ מרדכי שמעלקיש. א יידישער טראנספּאָרט־ארבעטער פון פשעמישל האָט מיט איין מאָל אויפגעהויבן א זאק מעל פון 50 קילאָ, אָדער שווערן, אומגעלומפּערטן דעמבענעם טיש — ווי מ׳הייבט אויף א באלעם. אויסער דערפארונג, האָט אין פאך אויך געדינט די פעסטע מוסקולן און דאָס... צעלאָזענע מויל. אלץ איז צונוץ געקומען ביי דער ארבעט. די באצייכענונג „טרעגער־יונג״ האָט ניט געהערט צו די קאָמפּלימענטן.




וואָלט מען מיר מוחל געווען, ווען כ׳פארגעס צו דערמאָנען דעם טאָרנער רופא און זיין באשיידענעם און פשוט־איינגעאָרדענטן „פריזיר־סאלאָן פאר הערן״ אויף דער יאגיעלאָנסקע גאס, אין הויז פון שמחה פריי? דער טאָרנער רופא פלעגט אויך מיט אויסערגעוויינלעכער לייכטקייט, אָן איינשלעפערונגס־מיטלען, ארויסשלעפן ציין „אָן ווייטיקן״. זיין ספּעציאליטעט זענען געווען באנקעס און פּיאווקעס, ווי אויך צו פארלייכטערן די וואָס האָבן געליטן אויפן מאָגן... זיינע צוויי זין זענען אויך געוואָרן פריזירערס — איינער אויף דער פּרינציפּאלער פראנטשישקאנסקע גאס.

א קאפּיטל פאר זיך איז געווען בערל גלעזער. א הורט־סוחר פון גלאָז און שפּיגלען, פלעגט ער ברענגען וואגאָנעס סחורה. אויף דעם געביט האָט ער ניט געהאט זיינס גלייכן. אויסער דעם איז ער געווען א גלעזער. צו אים האָט מען זיך געווענדעט מיט אלע גרויסע גלעזעריי־ארבעטן. ער האָט אויך באדינט דאָס מיליטער. ר׳האָט תמיד געהאט פולע הענט מיט ארבעט. אלע גלעזערס אין פשעמישל זענען געווען זיינע קונים — אלץ יידן, אויסער איין־און־איינציקער קריסט. פונ־

דעסטוועגן איז בערל גלעזער ניט געווען קיין ראָטשילד, צומאָל ניט — קיין קליינער ראָטשילד. פון דער נאַטור אויס א וויצלער — די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט צוזאַמען מיטן געשעפט געירשנט זיין זון אײַזיק — פלעגט בערל מיט קנאה קוקן אויף די פאַרבייגייענדיקע אָפיצירן מיט די גאָלדענע קאָלנערס און דערביי מעלאַנכאָליש טראַכטן, הלמאי דער פאָטער ע״ה האָט אים נישט געלאָזט גיין צו מיליטער, ווו מע קען זיך אויך צו עפּעס דערשלאָגן, אפשר גיכער ווי ביי גלעזעריי.

איך וויל פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל מיט פנחס מויערער, געקענטען פון א גאַר אנדער ליים, ווי די פון וועלכע מיר האָבן גערעט ביז איצט. א ייד אין די יאָרן, מיט א לאַנגער, ווייסער באָרד, האָט פנחס פאַריכט אין יידישע הייזער אויוונס און קיכן. דער כלל אז צייט איז געלט — איז אים געווען פרעמד. וואָס מ׳האָט געקענט פאַריכטן אין משך פון דריי שעה, האָט ביי אים גענומען דריי טעג. ניט שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ס׳איז אזוי געווען. ערשטנס, האָט ער נישט צו פרי אָנגעהויבן אַרבעטן. צווייטנס, האָט ער דריי מאָל אין טאָג איבערגעריסן די אַרבעט צוליבן דאַווענען און צו שטילן דעם הונגער און דורשט. יעדעס מאָל, ווען ער איז צוריק געקומען נאָך א לענגערן איבעררייס, איז ער ניט נאָר געווען אין „אָפּגעדאַוונטער״, נאָר אויך אין א בעסערער שטימונג. ווי נאָר ר׳האָט פאַרענדיקט די אַרבעט, האָט ער באַקומען אויסגעצאָלט די רעשט וואָס ס׳איז אים געקומען, ווייל פאַר יעדער „מאָלצייט״ האָט ער געבעטן קאָנטעס ביים באַשטעלער. ליידער, האָבן דער פאַראַכטענער אויוון, אָדער קיך, ניט ווייניקער געגרויכערט ווי פאַרן רעמאָנט... אָבער אונדזערע בעל־הביתטעס האָבן זיך ווידער געווענדעט צו פנחסן און געבעטן זיין הילף. יידישע פרויען אין פּשעמישל זענען געבליבן טריי פנחס מויערער.

עס וואָלט געווען אן עוולה כלפי ר׳ טוביהן נישט צו דערמאָנען אים באַלד נאָך ר׳ פנחס מויערער — צוליב זייער קרובהשאַפט אין דער פּראָפעסיע און דער ליבע צום ביטערן טראָפּן. ווען ר׳ טוביה מעלער האָט נישט געהאַט די נייטיקע סומע, האָט ער אָבער מיטן קאָפּ צוגעטראַכט ווי אזוי צו שטילן דעם דורשט. ר׳ טוביה איז שטענדיק געווען דורשטיק, און שטענדיק געפאַלן אויף דער המצאה ווי אזוי דעם דורשט צו שטילן... פּשעמישלער יידן האָבן אים געהאַט צו פאַר־דאַנקען א סך פריילעכע מינוטן.

### ו.

כדאי צו דערמאָנען די פרויען, וועלכע האָבן אויף זיך געשלעפּט דעם עול פון פּרנסה, פּונקט ווי מענער. די כוונה איז נישט צו ריידן דווקא פון יענע פרויען וואָס האָבן זיך גענומען צו א פאַך צוליב די ענדערונגען אין דער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור, אָדער אונטער דער השפּעה פון דער עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג. מיר ווילן שענקען אונדזער אויפמערקזאַמקייט די אַלטע פרויען־פאַכן, ווי באָבעס (הייבאַמס), שייטלמאַכערינס אָדער פלעכטערינס, וואָס האָבן געאַרבעט מיט די זעלבע מעטאָדן ווי זייערע באָבעס און עלטער־באָבעס. די הייבאַמס פון וועלכע עם רעט זיך, האָבן נישט געוואָלט הערן און וויסן פון וועלכן ס׳איז פאַרשריט. זיי איז קיינמאָל ניט איינ־געפאַלן צו רופן א דאָקטאָר אָדער די קינפּעטאָרין שיקן אין א קליניק. דאָך זענען מיט זייער הילף געקומען אויף דער וועלט שיינע יידישע מיידעלעך און געזונטע בחורימלעך, וועלכע זענען נאָך 8 טעג געווען ראוי אריינגענומען צו ווערן אין ברית פון אברהם אבינו. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אז א יידישער דאָקטאָר אין פּשעמישל, ד״ר קוטנא, האָט אַרויסגעגעבן אין דייטש א בוך א. נ. „זאָללען וויר אונדזערע קנאַבליין בעשניידען ?״ („זאָלן מיר מלה זיין אונדזערע יינגעלעך״ ?).

די פלעכטערינס (איינע האָט געהייסן רייזעלע די באָסיכע) פלעגן קומען טאָג־איין טאָג־אויס צו זייערע בעל־הבית̇טעס אהיים. דאָס זענען געווען פרויען וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין געדולד (אויך אזעלכעס איז שוין דאַמאָלט געווען), אָדער נייטיקע פעיקייט אליין זיך צוצוקעמען. דערפאַר אָבער געווען אימשטאַנד צו באַצאָלן פאַר דער טרחה (נאָר וויפל צו באַצאָלן — געדענק

איך שוין ניט), אז דאָס שייטל אָדער די פריזור זאָלן זיין אין אָרדענונג. ניט־אנדערש, אז יענע פלעכטעריַנס זענען געווען דער אָנזאָג פון דעם מאָדערנעם דאמען־פריזירער און אין א געוויסער מאָס — אפילו פון היינטיקן שיינהייטס־סאלאָן...

יידישע פרויען האָבן זיך אויך באשעפטיקט מיט האנדל, גענויער — מיט קליינהאנדל. זיי זענען געזעסן אויפן וווּל („נא וואליע״), טיש ניבן טיש, איינע ענלעך צו דער צווייטער, אז ס׳איז שווער געווען זיי אונטערצושיידן. אלנפאלס, אזוי איז עס אונדז, קינדער, פאָרגעקומען. די ענלעכקייט דערקלערט זיך מיט דער זעלבער באשעפטיקונג און וואָס נאָך וויכטיקער, אז דעם גאנצן טאָג, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט, זענען זיי געזעסן אונטער דעם זעלבן פרייען הימל, סיי אין די הייסע זומער־טעג, סיי אין גאָס־רעגן אין הארבסט, און דאָס זעלבע — אין די ווינטער־קעלטן, איינגעוויקלט אין גראָבע טיכער, איבער א פייער־טאָפּ, ווארטנדיק אויף א קונה, צומיינסט — קינדער. זייער סחורה איז געווען אויבסט פון ביליקסטן סאָרט: עפּל, בארן, קארשן,



א פּשעמישלער יידישער טרעגער (געמעל פון חנה ווינקלער־מיזעס)
סבל יהודי בפשמישל (ציור של חנה וינקלר־מיזס)
A Jewish porter in Przemyśl
(painted by Hana Winkler-Mieses)

פלוימען, אויך אגרעס און וויינפּערלעך — נישט אויף דער וואָג, נאָר אויפן מעסטל. א גראַצער — א מעסטל. מיט איינס האָבן די מאַרק־ווייבער זיך יאָ אונטערשיידעט. איינע איז געווען א גוטע, די אַנדערע — א בייזע, אַן אַנדערע ווידער — א שווייגערין, יענע גאָר — מיט ניין מאָס רייד. די באַציאונג פון איינער צו דער אַנדערער האָט זיך אָפט געביטן, ווי דאָס וועטער אין יענע מקומות. אַמאָל פריינדלעך, אַמאָל — פיינדלעך, זעלטן ווען גלייכגילטיק. „פּרימא אויבסט", עכטע באַדענער קורטרויבן און טיראָלער עפּל, האָט מען באַקומען ביי וואַנדערן, „אויף דער ערשטער ליאַדע", שפּעטער — אין זיין ריכטיקן געוועלב.

די עופות־הענדלערינס אויף דער יידישער גאַס האָבן מערער געלייזט ווי די ווייבער „אויפן וואַל". דער פּדיון איז געווען פאַר געשאָכטענע און לעבעדיקע הינער, קאַטשקעס און גענדז. דאָ האָט דער מסחר געבליט באַזונדערס ערב די שבתים און יומטובים. אויך אין ווינטער, ווען די בעל־הביתטעס האָבן איינגעקויפט געגדז, כדי אויסצולאָזן שמאַלץ אויף א גאַנץ יאָר. אייניקע פּשעקופּקעס האָבן געבערענגט די סחורה אין די שטובן. זיי האָט קיינמאָל ניט אויסגעפעלט קיין וואָרט אין מויל, תמיד געוווּסט וואָס צו זאָגן און אָפּצוענטפערן.

בעת דער פיש־האַנדל איז געווען א ענין פאַר מענער, איז דער מסחר מיט עופות און אויבסט איינגעשטאַנען אין ווייבערישע הענט. געווען א מאָן וואָס פלעגט אין די גאַסן אַרומטראָגן צום פאַרקויפן קאַלטן מאָסט („ווינקאָ, ווינקאָ"), הייסע קוקורוזע און הייסע באָבעס, באַדעקט מיט אַן אַלט קישן זיי זאָלן ניט קאַלט ווערן. די באַזונדערע צייטן פון יאָר האָבן רעגולירט זיין האַנדל.

ז.

די, וועגן וועלכע ס'איז ביז איצט גערעדט געוואָרן, האָבן זיך מפרנס געווען פון אייגענער פּראַצע. געווען אָבער אויך אַזעלכע וואָס האָבן ניט באַזיצט קיין פאַך, קיין באַשעפטיקונג, קיין שום מקור פון פּרנסה און אפילו נישט געהאַט קיין שום הילף פון דער אייגענער משפּחה. פיל רחמנות האָבן זיך פאַרדינט די שעמעוודיקע אָרעמעלייט. פון מאָל צו מאָל פלעגט מען זיך אין זיי דערמאָנען. גוטהאַרציקע יידן פלעגן אויף אייגענער איניציאַטיוו אַדורכפירן א הילפס־אַקציע. זיי זענען ניט געגאַנגען פון טיר צו טיר, נאָר אין באַשטימטע הייזער, ווו מ'איז געווען זיכער אַז מ'וועט זיי, די שיינע בעלי־הבתים, טאַקע שיין אויפנעמען און באַגעגענען מיט א שיינער נדבה. זיי האָבן זיך זעלטן ווען אַנטוישט.

און אַז דאָס זעלבע האָבן זיך אונטערגענומען צו טאָן צוויי פרויען, וואָס פלעגט אַגב פאַרקומען זייער אָפט (זענען דאָך פרויען באַרמהערציקער און ווייסן גיכער וואָס קאָכט זיך — אָדער קאָכט זיך טאַקע נישט אין א פרעמדן טאָפּ), זענען זיי געווען ווייניקער איבערקלייבעריש, באַזונדיק מערער הייזער, אָבער באַקומען — ווייניקער געלט... די מטבע וועלכע מ'האָט געגעבן, האָבן זיי ניט גענומען אין האַנט, נאָר געהייסן זי אַריינלייגן אין דעם אויסגעשפּרייטן ווייסן טיכל וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך. אַזוי, א פּנים, האָט מען דאָקומענטירט, אַז מען שטרעקט נישט, געלויבט צו גאָט, די אייגענע האַנט... מ'האָט דאַמאָלט נישט געוווּסט וועגן געבן קבלות, אַלץ איז געווען איינגעשטעלט אויף צוטרוי און נאמנות.

פשעמישל איז געוווינט געווען צו זען אין גאַס אירע הייזער־גייער, די פאַרשידענע בעטלערס און אָרעמעלייט, מענער און פרויען, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט. צו זייער שבח דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן ניט מיטגענומען מיט זיך קליינע קינדער צו דערוועקן רחמנות.

עס האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן דער אונטערשייד אין בעטלען ביי יידן און קריסטן. יעדער פון אונדז דערמאָנט זיך אוודאי די גלייכע ריי, אויסגעשטעלט כמעט אין א

מיליטערישער אָרדענונג און דיסציפּלין, פון קריסטלעכע בעטלערס און בעטלערינס. יעדן שבת האָבן זיי זיך באַוויזן פאַר די קריסטלעכע געשעפטן — פון יאָר צו יאָר איז געוואַקסן די צאָל פון די־אָ געשעפטן, וואָס אין די ניינציקער יאָרן איז זייער צאָל געווען אַ גאָר קליינע. דער „עלטסטער" פון דער חברה איז אַריין אין געשעפט, באַקומען די נדבה און יעדן געגעבן זיין חלק. דערנאָך האָט די גרופּע מאַרשירט ווייטער, מיט דריבנע טריט, צום נאָענטסטן קריסטלעכן געשעפט, צי חזיר־יאַטקע. דאָ האָט מען אָנשטאָט מטבעס — געטיילט קליינע שטיקלעך פלייש.

די יידישע שנאָרערס דאַקעגן זענען געווען — „אינדיווידואַליסטן". יעדער האָט געפירט זיין אונטערנעמונג אויף אייגענער אחריות. געווען אַזעלכע וואָס פלעגן גיין אין די הייזער נאָר אין די וואָכן־טעג (יעדער הויז האָט געהאַט זיין „טאָג"), פאַר אַנדערע ווידער איז ליבערשט געווען דער שבת. די אָבער האָבן בלית ברירה זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַ שטיקל ברויט אָדער חלה. איינע, אַ באַוווּסטע שבת־בעטלערין, האָט געהאַט איר באַקאַנטן שפּרוך: „איר זאָלט אויף אייערע קינדערס חתונות טיילן גרויסע שטיקער לעקעך". אירס אַ חברטע לויט דער פּראָפעסיע, וואָס פלעגט איר אַרבעט טאָן נאָר אין די וואָכן־טעג, האָט געהאַט אַ מינימאַל־טאַריף: ווייניקער פון אַ גאַנצן גראָשער האָט זי נישט גענומען — ווייל צומייסנט האָט מען געשענקט אַ האַלבן גראָשער, און אין טייל געשעפטן — אַ שאַכטל שוועבעלעך.

אויב עס רעדט זיך שוין פון בעטלערס, פאַרדינען דערמאָנט צו ווערן — הגם זייער צאָל איז נישט געווען גרויס — די, וועלכע האָבן נישט געבעטלט אין דער אייגענער שטאָט, נאָר צוליב פאַרשידענע טעמים — (יעדער האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם טעם), געגאַנגען איבער דער מדינה, ד. ה. — אין דער נאָענטער אָדער ווייטערער סביבה פון פּשעמישל. דאָס זענען געווען בלויז מענער, וועלכע האָבן חדשים־לאַנג זיך אַרומגעוואַלגערט ווי די ציגיינער איבער דערפער און שטעטלעך, געלעבט ווי די הינט און נאָר פון צייט־צו־צייט, דער עיקר אויף די יומטובים, זיך אומגעקערט אַ היים — כדי דערנאָך ווידער זיך לאָזן אין וועג אַריין.

### ח.

טראַמפּל, דאַקעגן, האָט נישט געהערט צו דער קאַטעגאָריע. זיין מדינה איז געווען די שטאָט פּשעמישל גופא. אין די הייזער איז ער געגאַנגען יעדן ראש־חודש. זיין איינרעדעניש איז געווען, אַז ר'איז דער טערקישער סולטאַן אַליין. באַגלייט דורך זיין שוועסטער, פלעגט ער אומעטום מיט איר אויפטרעטן מיט ווירדע, ווי דער סולטאַן וואָלט עס געטאָן. אַלס סימבאָל פון זיין שטאַנד, האָט ער געטראָגן מיט זיך אָן איינפּאַכן שטעקן פון אומגעשניצט האָלץ און אַלס הענטל — אַ שטיק לעדער־רימען. ער איז געווען אַ הויכוווּקסיקער און אויך זיין שטעקן איז אונדז אויסגעקומען גרויס. היינט איז מיר שווער צו דערינערן, צי מיר האָבן מערער מורא געהאַט פאַר זיין אייז־קאַלטן בליק, אָדער גאָר פאַר זיין שטעקן... דערביי מוז געזאָגט ווערן, אַז טראַמפּל איז לגמרי געווען נישט געפערלעך. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, נישט עפּנענדיק אפילו דאָס מויל. ער האָט געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן — אויף זיין שוועסטער.

מיט אים הייבט זיך אָן די גאַלעריע שטאָט־משוגעים און נאַראָנים. צו די שטאָט־נאַראָנים האָט געהערט חאַמעליע (חיים עלי) — אין אונטערשיד פון טראַמפּלען, וועלכער איז זומער געווען אָנגעטאָן אין אַ שפּענצער און דערצו אַ היטל מיט אַ דאַשעק, און ווינטער אין אַ סאָלדאַטסקע מאַנטל, אין אַ פוטערנער קוזמע — תמיד אין אַ צעפליקטער בעקעשע, וואָס איר פאַרב איז געווען נענטער צו גרין ווי צו שוואַרץ. אויף זיינע ליפּן — אַ שטענדיקער שמייכל און מ'האָט באַשיינ־פּערלעך געזען ווי גליקלעך ער איז, ווען ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צונויפצובּרענגען צוזאַמען גאַנצע דריי גראַשערס אויף צו קויפן זיך אין דער „פּאָלקס־קיך" אַ וואַרעם מאָלצייט אָדער אַ „ירושלים־זופּ" (ווי ער פלעגט אָנרופן אַ שליים־זופּ) מיט אַ שטיק ברויט ביים גראָבן הערשקאָ,

אין קעלער אויף דער דאָבראָמילסקא גאס (שפּעטער סלאָוואצקיעגאָ), אין דאָרט זיך אָנגעזעטיקט אויף א גאנצן טאָג.

א שטאָט־נאר איז אויך געווען איציק־שפּיציק. פון אים קאָן מען בלויז זאָגן — אויסער די רכילות וועלכע מ׳האָט אויף אים אויסגערעט — אז דער נאר ליגט אים אויפן פּנים און קוקט אים ארויס פון די אויגן. דאָס זעלבע באציט זיך אויך צו מוניאָ שפּיגעל. בעת יענער האָט זיך געקליידעט יידיש, איז מוניא געווען אָנגעטאן דייטש... אין אן אָפּגעטראָגענעם גייראָק מיט א הארטן קראגן און א קראוואט דערצו. אויפן קאָפּ — א הארטן האביק־הוט. מוניאַן האָט מען קיינמאָל ניט געזען אָן א סיגארעט, תמיד האָט ער געבעטן א גראַצער צו קויפן זיך א סיגארעט. מוניאֶ שפּיגעל האָט אנדערש ניט גערעט, ווי נאָר — פּויליש. אין זיינע אמאָליקע גוטע טעג, איז ער געווען פאָטאָגראפיסט. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס אים האָט ארויפּגעפּירט פון שכל.

לייבעלע קורציק האָט זיין שכל פארלוירן בעתן דינען אין מיליטער. א פּשעמישלער קינד, איז ער „איינגעריקט״ צום 10טן אינפאנטעריע־רעגימענט. דער רעגימענט איז געווען לייבעלעס שטענדיקע טעמע פאר געשפּרעכן מיט זיך און מיט אנדערע, וועלכע ער האָט גערן פארפירט. מע האָט אים נישט באדארפט ציען פאר דער צונג... לייבעלע קורציק האָט נישט געבעטלט, תמיד זויבער אָנגעטאָן, דער עיקר פלעגט מען אים טרעפן אויף דער יאגיעלאָנסקע גאס, דאָרט ווו ס׳איז אמאָל געווען די פּאָסט. א פּנים, אז ער האָט געוווינט אויף יענער גאס.

משוגע, אָבער נישט געפערלעך פאר דער סביבה, איז געווען די משוגענע רבקה. דאקעגן משוגע, נאָר צוגלייך געפערלעך, איז געווען וועלוועלע בשעת אן אטאק. און דאָס פלעגט מיט אים אָפּט פּאסירן. געווען א פּחד און גלייכצייטיק א ווייטיק צוצוקוקן, ווי ער יאָגט זיך איבער די גאסן און א כמארע קינדער און קונדסים — לויפן אים נאָך, רייצנדיק אים ביז בלוט, מיט צונעמענישן און ווארפן שטיינער. פון צייט־צו־צייט פלעגט וועלוועל פארשווונדן פון די פּשעמישלער גאסן און זיך באוויזן אין די ארומיקע שטעטלעך און דערפער. נאָך אזא קורצן גאסטראָל אויף דער פּראָווינץ, האָט אים דער אינסטינקט צוריק געבראכט קיין פּשעמישל, אמאָל געקליידעט דייטש, אמאָל — יידיש, נאָר תמיד אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, א שטענדיקער אָביעקט פאר מעשה־קונדס.

די אומגליקלעכע מענטשלעכע באשעפענישן וועלכע זענען פריער דערמאָנט געוואָרן, ווי אויך די נישט דערמאָנטע — דער שרייבער פון די שורות איז נישט אויסן צו ברענגען א פולע רשימה, א מין לעקסיקאָן פון די פּשעמישלער משוגעים — האָבן אין רוב פאלן נישט געהאט קיין דאך איבערן קאָפּ, זייערע היימען זענען אין זומער און אין ווינטער געווען — די גאסן, אויף וועלכע זיי האָבן זיך ארומגעוואלגערט. אָט דער פאקט ווארפט א ליכט אויף דער דעמאָלטיקער סאָציאלער טעטיקייט. ביי א בעסערער פלאנירונג און אָרגאניזאציע וואָלט זיך געלאָזט א סך פאריכטן, אָבער אָן שום ספק, אז די יידישע סאָציאלע אינסטיטוציעס זענען נישט געווען בכוח צו לייזן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אין גאנצן פארנעם, צוליב מאנגל אין מיטלען. ס׳איז אָבער אויך קלאָר, אז די מוניציפּאלע אינסטאנצן האָבן זיך נישט באצויגן צו דעם ענין מיט דער פולער ערנסטקייט. אויך אויף דעם געביט האָט מען די יידן ערגער באהאנדלט ווי די נישט־יידן: א באווייז, אז די צאָל נויטבאדערפטיקע יידן (אפילו ווען מע נעמט אין באטראכט א גרעסער, פּראָצענט יידישע „נערוועזיטעט״) איז געווען גרעסער ווי די צאָל נישט־יידן, וואָס אנטקעגנ־טראָגן זיי הילף איז געווען אן עלעמענטארע מענטשלעכע פליכט.

ט.

אויב מיר האָבן זיך שוין אומגעקערט צו יענע פארשווונדענע טעג, טאָ פארוואָס ניט דערמאָנען מיטן געהעריקן כבוד אויך די אין שטאָט באקאנטע מעשיות־דערציילערס, וועלכע האָבן

גענוי ווי זייערע קאָלעגן, די אמאָליקע אראבישע דערציילערס פון טויזנט־און־איין נאכט, געשיל־דערט די נסים ונפלאות, נישט־געפלויגענע נישט־געשטויגענע, ארויסברענגענדיק דערביי די גרעסטע גוזמאות. מע פלעגט אָנשטעלן מויל און אויערן צו הערן אזעלכע סיפורים: א ייד איז געקומען אויף א שמחה — א לאנגער, א דארער, דין ווי א שפּילקע, האָט ער זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, נאָר אויפגעשטאנען איז ער נאָך דער סעודה — גראָב און ברייט ווי א קלאָץ; מיט די אייגענע אויגן האָט דער דערציילער געזען ארויסשפּרינגען א לעבעדיקן הערינג פון א פאס הערינג; ער האָט געמעקלערט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי א וואגאָן סאפּערן; זיינס א חבר ווידער האָט זיך בארימט, אז ער האָט פארקויפט א גיט און ביי קלוגע יידן זיך געפרעגט אן עצה וואָס צו מאכן מיטן געלט... „באצאָל די חובות" — האָט מען אים געראטן. „גוט", האָט ער געענטפערט — „אָבער וואָס איז מיטן רעשט?". — „דעם רעשט וועט איר פראָלאָנגירן"...

אויף אזעלכע מעשיות זענען פּשעמישלער געווען בעלנים. זיי האָבן זיך איינגעהאָרכט — און געלאכט. פּשעמישלער יידן האָבן אויך ליב געהאט א גלייכווערטל און דערפון הארציק צו לאכן. אויך זיי איז באקאנט געווען, אז לאכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאכן.

* * *

אזוי ארום האָבן מיר אויף א קורצער ווייַלע זיך דערמאָנט אין פארשידענע טיפּן יידן, וועלכע האָבן געלעבט און געלייבט אין אונדזער שטאָט ביים טייך סאן; פרומע און אויפ־געקלערטע, רייכע און אָרעמע, אזעלכע וואָס האָבן ערלעך און אָנשטענדיק מפרנס געווען זייערע משפחות, ווי די לײדיקגײערס, פארשעמטע און בעטלערס, חכמים און נאראָנים, מיושבע און משוגענע. אלץ וואָס זיי האָבן יאָ געטאָן און וואָס זיי האָבן „פארגעסן" צו טאָן, אלץ וואָס זיי האָבן געשאפן, אָדער צעשטערט, וואָס מ'האָט געטראכט, צו וואָס מ'האָט געשטרעבט, וועגן וואָס מ'האָט געחלומט, ווי מ'האָט זיך געפרייט, געלאכט און געשטיפט, ווי געטרויערט און ווי געוויינט, ווי זיי האָבן געדינט דעם בורא־העולם, ווי מע האָט געזינדיקט, נישט אָפּהיטנדיק גענוי די תרי"ג מצוות — אָט דאָס אלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין א פארביק בילד פון א לעבעדיקער און שפּרודלדיקער עיר ואם בישראל, ק"ק פּשעמישל, וואָס איז אמאָל געווען — און איז מער נישטאָ...

פראָפ׳ ד״ר שמואל הוגאָ בערגמאַן / ירושלים

# דער וואַליניצער צדיק

## (א פשעמישלער חסידישע מעשה) *

בכל דור ודור לעבן אין דער וועלט זעקס און דרייסיק פאַרבאָרגענע צדיקים און נאָר דורך זייערע חסדים קאָן די וועלט האָבן א קיום. זיי הייסן — ל״וניקעס. פשוט, גאָר פּראָסטע אין זייער התנהגות און קיינער פאַרשטייט נישט, וואָס פאַר א חשיבות עס האָט זייער לעבן פאַרן קיום פון דער וועלט. ווי נאָר אָבער א בשר ודם ווערט געוווּיר פון דעם סוד, צוליב וועלכן מ׳האָט זיי אַראָפּ־געשיקט אויף דער וועלט — מוזן זיי נפטר ווערן.

אזא מעשה איז פאָרגעקומען ביי א נסתר, א ל״וניק, וועלכער האָט מיט יאָרן צוריק געלעבט אין ו ו אָ ל י נ י ץ, ניט ווייט פון פשעמישל, אלס פשוטער „דריטשער״, ד.ה. — א דראָט־בינדער.

בימים ההם האָט געלעבט דער דינאָווער ז״ל און זיין כוח און זיינע אויפטוען האָבן אים קונה שם געווען במרחקים. א פשעמישלער יידענע, א מחוסרת בנים לא עלינו, איז געקומען קיין דינאָוו בעטן דעם רבין א ברכה אויף פּרי־הבטן. דער רבי האָט איר געענטפערט, אז ער איז נישט בכוח אראָפּצונעמען די קללה ר״ל וואָס הענגט איבער איר. אויף דעם איז נאָר דאָ איין עצה: צוגיין קיין וואָליניץ און פרעגן אויף מ א י ר ד ע ם ד ר י ט ש ע ר.

ס׳איז געווען ערב שבת, פאַר ליכט־בענטשן. די יידענע איז אָנגעקומען קיין וואָליניץ און זיך דערפרעגט צום הייזל פון דריטשער. א ייד, אָנגעטאָן ווי א געוויינלעכער פויער, אין א גראָען קאַפּטאָן, האָט איר געעפנט. דאָס איז געווען מאיר דער נסתר, דער דריטשער. זי האָט מורא געהאַט אים תיכף איבערצוגעבן איר בקשה און געבעטן בלויז איבערצונעכטיקן איבער שבת. זי איז א פרעמדע וואָס איז דאָ על־פי צופאַל אדורכגעפאָרן און פלוצום האָט זיך אָנגערוקט דער שבת. מאיר האָט געענטפערט אז זי מעג בלייבן, נאָר ער קען איר נישט געבן קיין גוטע, שבתדיקע מאכלים. די איינציקע שבת־סעודה וואָס ער האָט — א גערשטן־זופּ...

יענער פרייטיק־צו־נאַכטס האָט גאָר אנדערש אויסגעזען ווי ס׳איז דער מינהג אין יעדער יידיש הויז. די פשעמישלער יידענע האָט ניט געזען קיין ליכט־צינדן, האָט ניט געהערט קיין קידוש. דערפאַר אָבער האָט זי טועם געווען פון דער איינפאַכער גערשטן־זופּ מיט וועלכער מ׳האָט זי מכבד געווען און דערפילט אזא מין מתיקות, וואָס זי האָט איר גאַנץ לעבן ניט געפילט ביי א שבת־סעודה...

צומאָרגנס האָט זי געזען ווי דער דריטשער גייט אַרויס פון שטוב מיט דראָט און זיינע כלי־מלאכה, גלייך ס׳וואָלט געווען א פשוטער וואָכנסטאָג (פאַרשטייט זיך, אז קיינער קאָן ניט מעיד זיין צי ער האָט באמת געאַרבעט).

ערשט ביינאַכט, ווען דער דריטשער איז געקומען אהיים, האָט די יידענע זיך גענומען האַרץ און אים אַרויסגעזאָגט איר בקשה: „ר׳ מאיר־לעבן״ — האָט זי אָנגעהויבן. אָבער דער דריטשער

---

* אָנגעשריבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער חשובער פּראָפעסאָר האָט אלס רעזערוו־אָפיציר געדינט אין פשעמישלער אינפאַנטעריע־רעגימענט נומ׳ 10 און פון זיין „פוצער״, דעם פשעמישלער ייד יצחק פרענקעל, זיך אָנגעהערט א סך חסידישע מעשות. די שטאָט פשעמישל און א טייל פון איר ציוניסטישער אינטעליגענץ וואָס האָט זיך גרופּירט ארום דעם אקאַדעמיקער־פאַראיין „אגודת הרצל״, האָט פּראָפ׳ בערגמאַן געהאַט א געלעגענהייט צו באַקענען אין זומער 1912, ווען ער איז געקומען אין שטאָט אויף איבונגען. פון פשעמישל איז פּראָפ׳ בערגמאַן אוועקגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט און וועגן זיינע העלדנטאַטן האָבן שפּעטער דערציילט פיל יידישע זעלנער פון זיין רעגימענט. דער תרגום שטאַמט פון ד״ר יצחק מאַן און איז דערשינען אין וואָכנבלאַט „דער פּרעמיסלער ייד״ נומ׳ 17, פון 6.6.1919. פריער איז די דערציילונג דערשינען אין דייטש, אין דער פּראַגער „זעלבסטוועהר״ און דערנאָך אין דער „ווינער יידישע צייטונג״. מיר ברענגען דאָ די דערציילונג מיט עטלעכע ניט־וועזנטלעכע ענדערונגען.

האָט איר מיט כעס איבערגעשלאָגן און ווייטער ניט געלאָזט רעדן. ער איז ניט קיין רבי, נאָר א פשוטער בעל־מלאכה. דעמאָלט האָט די יידענע אים דערציילט, אז דער דינאָוועו האָט זי אהער געשיקט און איר געזאָגט, אז מאירס כוח איבער די שדים און רוחות איז גרעסער פון זיין כוח און נאָר ער אליין קען אראָפּנעמען די קללה פון איר לייב... „אויב אזוי, אז דער דינאָוועו שיקט דיך צו מיר, וועל איך דיין בקשה ממלא זיין. נאָר דו מוזט אלע דיינע כוחות צונויפנעמען, ווארום וועסט פארנעמען אזעלכע זאכן וואָס דאָס אויער פון קיין שום בשר־ודם קאָן עס ניט הערן. פארבינד דיר די אויגן און קום מיט...״

און ער איז מיט איר ארויסגעפאָרן ווייט־ווייט אין א וואלד אריין. פּלוצום האָט זי געהערט געשרייען און ווילדע קולות וואָס פירן צווישן זיך א שרעקלעכע מלחמה. שווערדן האָבן געקלונגען, כלי־זין האָט דורכגעשניטן די לופט. דאָס האָבן געמוזט זיין שרעקלעך גרויסע חילות וואָס האָבן זיך דאָ צונויפגעזאמלט. נאָר העכער פון דעם געקלאַפּ פון געווער און דעם ווילדן גערויש פון די קולות, האָט געהילכט די באפעלערישע שטים פון מאיר דעם דריטשער, וועלכער האָט מפקד געווען די גאנצע חילות און די שדים. ווידער האָט זיך דערהערט זיינער א באפעל — און ס׳איז געוואָרן שטיל. ער האָט מסדר געווען די שורות פון די נאספים, געציילט די מחנות — איינע איז ניט געקומען (דאָס איז געווען יענער מזיק וועלכער האָט געפירט די מלחמה קעגן דער פּשעמישלער יידענע און זי ניט צוגעלאָזט צו א בן־קיימא). מיט כעס האָט מאיר געגעבן א באפעל, אז מע זאָל דעם פארשפּעטיקטן תיכף אהער־ברענגען. ר׳איז געקומען. די יידענע אָבער, פארנייגעריקט, האָט אויפגעהויבן דאָס טיכל פון די אויגן און דערזען, אז דער מזיק איז געווען — א הינקעדיק קארליקל...

„דו ביזט עס דער — האָט מאיר א געשריי געטאָן אויף דעם קארליקל — וואָס האָט פארשאָלטן דאָס לייב פון דער יידענע. מה חטאה ומה פשעה?״

און דאָס קארליקל האָט אים דערציילט א מעשה, אז איין מאָל ביינאכט איז ער פארביי־געגאנגען פארן הויז פון דער פּשעמישלער יידענע און זי האָט אויסגעגאָסן א פּאָמעשאַף און דערביי — קעגן דעם אלטן יידישן מינהג און מצווה — פארגעסן צו וואָרענען די שדים מיט די אָנגענומענע ווערטער „היט אייך!״ דורך דעם איז ער פארוווּנדעט געוואָרן און פארבליבן א בעל־מום ביזן היינטיקן טאָג. פון דעמאָלט אָן הערשט צווישן אים און דער יידענע א שנאה כבושה...

און מאיר האָט אים אויפגעפאָדערט, ער זאָל דער יידענע מוחל זיין. צום ערשט האָט ער ניט געוואָלט, אָבער סוף־כל־סוף האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן דעם כוח פונעם דריטשער. ער האָט מוחל געווען דער יידענע און איר מבטיח געווען א קינד און אן אייניקל. מער איז ער ניט בכוח צו זאָגן...

וכן היה! די יידענע האָט שפּעטער געבוירן א קינד, דערנאָך איז געקומען אן אייניקל אויף דער וועלט — און די משפחה איז אויסגעשטאָרבן. איין קרוב לעבט נאָך היינט אין פּשעמישל. ער הייסט שלום.

מאיר דער דריטשער איז אָבער אין יענער זעלבער נאכט נפטר געוואָרן מן העולם...

# הצדיק הנסתר ר׳ יצחק אייזיק שוחט

**פון ספר „אמונת צדיקים״, וואָס אנטהאלט 200 חסידישע מעשיות. פארלאג דפוס שולדבערג ושות׳, ווארשע 1900.**

הרב הצדיק הנסתר ר׳ יצחק אייזיק שו״ב, פון דאָרף זוראווויץ, נישט ווייט פון פשעמישל, גאליציע, מחבר פון די ספרים: „אותיות דרבי יצחק״; „רזא בהימנא״ און „יסוד יצחק״ — האָט אין די ספרים אנטפלעקט זיינע הייליקע מעשים, וואָס קיין מענטש ביי זיין לעבן האָט נישט געוווּסט וועגן זיי און פיל פון זיי האָבן געזען אין אים א בור און א משוגענעם ר״ל.

איינמאָל איז צו אים געקומען א יונגערמאַן און געבעטן, ער זאָל אים לערנען הלכות שחיטה, האָט ער אים געענטפערט, אז ער וויל נישט. האָט אים דער יונגערמאַן געפרעגט פארוואָס ער וויל נישט? האָט אים ר׳ יצחק אייזיק ארויסגעפירט אין דרויסן און אים געגעבן א טרייסל ביים פנים מיט זיין האנט. האָט דער יונגערמאַן דערזען, אז אויפן דאך שטייט א מענטש מיט א מעסער אין האנט און שעכט זיך אליין. דאָס בלוט רינט פון אים. ווי נאָר דאָס בלוט האָט אויפ־געהערט רינען, איז ער אראָפּגעפאלן אויף דער ערד. און א פּאָר מינוט שפּעטער האָט זיך איבער־געחזרט דאָס זעלבע: ווידער געשטאנען אויפן דאך, ווידער זיך געשאָכטן, ווידער אראָפּגעפאלן פון דאך אויף דער ערד — און אזוי כסדר. „אָט אזוי״, זאָגט ר׳ יצחק אייזיק צום יונגנמאַן: „דער איז געווען א שוחט ביי זיין לעבן, נאָך דעם ווי ער איז נפטר געוואָרן, איז דאָס זיין שטראָף, ווייל ער איז נישט ראוי געווען צו זיין א שוחט. נאָר איין יונגערמאַן פון פשעמישל איז געווען, וועלכן ער האָט אויסגעלערנט זיין א שוחט, ווייל ר׳איז געווען א טייערער יונגערמאַן אין ער האָט אים געוואָרנט, אז ער זאָל קיינעמען נישט אנטפלעקן פון זיין קדושה...״

ווען ס׳איז געקומען די שעה פון שטארבן, האָט ר׳ יצחק אייזיק געשיקט זיין הייליק ווייב קיין פשעמישל צו דער חברה קדישא זיי צו זאָגן, אז איר מאַן איז נוטה למות ר״ל, און אז עטלעכע שמשים פון דער חברה זאָלן תיכף קומען און שטיין בשעת יציאת נשמה, און מאכן אלע הכנות אים צו ברענגען אין שטאָט אריין צו דער קבורה.

איז זי געגאנגען צו פוס קיין פשעמישל. זיינען די שמשים געקומען פון פשעמישל אין דאָרף אריין, אין איר הויז — און ר׳ יצחק אייזיקן דאָרט נישט געטראָפן. האָבן זיי געפרעגט „וואו איז דיין מאַן?״ האָט זי געענטפערט, אז איר מאַן איז אוועקגעגאנגען און וועט מסתמא באלד קומען. „ער האָט בלויז מיך געשיקט אייך שנעל מודיע זיין, אז זיין סוף דערנענטערט זיך״. האָבן די שמשים אויסגעלאָזט זייער בייז הארץ אויף איר, זאָגנדיק, אז זי איז משוגע און איר מאַן איז משוגע: „האָסט אונדז געזאָגט, אז דיין מאַן האָט דיך געשיקט ברענגען שמשים, ווייל ער איז נוטה למות — און צום סוף איז ער געזונט. טאָ פארוואָס האָט איר אונדז בחינם מטריח געווען?״ און אזוי ווי זיי האָבן גערעדט מיט איר, קומט אריין איר הייליקער מאַן, האלטנדיק אין האנט א ביסל שטרוי. זיין פנים האָט אויסגעזען ווי א ברענענדיקער פאקל, וואָס האָט ארויסגערופן פיל שרעק. ער האָט געזאָגט צו די שמשים:

„רבותי! הערט זיך צו, עס איז געקומען מיין סוף. און מיין גאנץ לעבן בין איך געווען א נסתר פאר מענטשן. איצט איז מיין פארלאנג, אז תיכף נאָך מיין פטירה, זאָלט איר שיקן מודיע זיין עס זאָלן קומען מענטשן מיט פאפיר און טינט און זאָלן איבערשרייבן מיינע כתבים וועלכע

ליגן אין מיין קאסטן, כדי זיי צו לאָזן אָפּדרוקן. און דאָס איבערשרייבן פון די כתבים זאָל אזוי לאנג דויערן, ווי לאנג איך וועל ליגן אויף דער ערד. איידער מען וועט מיר אָנטאָן די תכריכים...״

און ער האָט מער נישט גערעט, נאָר אנידערגעלייגט אויף דער ערד דאָס ביסל שטרוי פון זיין האנט און זיך אויסגעצויגן אויפ׳ן שטרוי. דערנאָך האָבן זיינע ליפּן אָנגעהויבן ציטערן אין זיין פּנים האָט אויסגעזען ווי א ברענענדיקער פאקל. און דער צדיק איז תיכף נסתלק געוואָרן פון דער וועלט.

האָט מען באלד געשיקט מודיע זיין אין שטאָט אריין. איז די גאנצע שטאָט זיך צונויפגעפאָרן, מיטנעמענדיק פּאפּיר און טינט און כמעט הונדערט תלמידי־חכמים האָבן איבערגעשריבן זיינע כתבים ווי לאנג ער איז געלעגן אויף דער ערד. און ער האָט זיי געהאט אָנגעזאָגט, אז זיי וועלן זען א פארענדערונג אין זיין פּנים, זאָלן זיי מער נישט איבערשרייבן. דערנאָך האָט זיך פאר־ענדערט זיין פּנים און דער קאסטן, אין וועלכן עס זענען געלעגן די כתבים — האָט זיך אליין צוגעמאכט. האָבן זיי אויפגעהערט איבערצושרייבן און אים אָפּגעגעבן זיין לעצטן כבוד ווי עס געהער צו זיין — און אים שטארק מספּיד געווען...

י. א.

# פארבאנד פון פשעמישלער אין ישראל

דער „אירגון יוצאי פשעמישל״ אין ישראל איז אנטשטאנען אין יאָר 1944, ווי נאָר עס זענען צו אונדז דערגאנגען די שוידערלעכע ידיעות וועגן חורבן פון דער שטאָט. אונדזער ערשטע אויפגאבע איז געווען: דערלאנגען הילף און שטיצע דער שארית הפליטה. פאר דעם צוועק זענען ארויסגעשיקט געוואָרן קיין פשעמישל דריי גרויסע קאסטנס מיט קליידער, שיך און אנדערע זאכן.

שפּעטער, ווען די עליה פון פשעמישלער יידן קיין ישראל האָט זיך פארשטארקט, איז די נייע עולים ארויסגעוויזן געוואָרן הילף דורך ארויסגעבן זיי אומפּראָצענטיקע הלוואות. פאר דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרן א גמילות־חסד קאסע, וועלכע איז טעטיק ביזן היינטיקן טאָג, הגם עס קומען נישט מער קיין נויטבאדערפטיקע עולים־לאנדסלייט. דער פארבאנד זעצט פאָר די שיינע טראדיציע פון „מעות חיטים״ און אנדערע פאָרמען פון הילף פאר נויטבאדערפטיקע. אין דער אקציע העלפן אונדז די פשעמישלער לאנדסמאנשאפטן אין די פאראייניקטע שטאטן.

אינעם יאָרטאָג פון ליקווידירן דאָס געטאָ אין פשעמישל, אָרדענען מיר איין יעדעס יאָר אין תל־אביב אן אזכרה נאָך די קדושים פון אונדזער שטאָט. דער פארבאנד גיט אויך ארויס דאָס יזכור־בוך צו פאראייביקן די אומגעבראכטע יידישע קהילה אין פשעמישל.



פּרעזידיום פון דעם אזכרה־אָוונט אין תל־אביב, 1961
פון רעכטס: ד״ר ד. ניצני, ד״ר א. בלאָך, מ. בער, ח. טראו, ד״ר ב. וויינטראוב, ד״ר מ. רייף־מיזעס.

נשיאות של כנס־האזכרה בתל־אביב, 1961
עומדים מימין: ד״ר ד. ניצני, ד״ר א. בלוך, מ. בר, ח. טראו, ד״ר ב. ווינטראוב, ד״ר א. מיזס־רייף

Presidium of commemoration meeting in Tel-Aviv, 1962
From left : Dr. M. Mieses-Reif, Dr. B. Weintraub, H. Trau, M. Baer, Dr. Bloch, Dr. D. Ntizani

די צענטראַלע פון אונדזער פאַרבאַנד געפינט זיך אין תּל־אביב. פאַראַן אַן אָפּטיילונג אין חיפה. מיטן פאַרבאַנד פירט אָן א געוויילטער ראַט פון 20 חברים.

די צאָל פשעמישלער יידן אין ישראל דערגייט ביז צווי טויזנט. צווישן זיי חלוצים, אַלט־איינגעזעסענע און נייע עולים, צעשפּרייטע איבערן גאַנצן לאַנד — אין די שטעט, דערפער, מושבים און קיבוצים, פון דן ביז אילת.

פשעמישלער יידן אין דער יידישער מדינה פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס און אַמטן. פאַראַן צווישן זיי פיל פון די א.ג. פרייע פּראָפעסיעס: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן, אַפּטייקערס, לערערס אין פאָלקס־שולן און מיטלשולן. און אין דער אַרמיי — אָפיצירן און אונטער־אָפיצירן, פיל מיט אויסצייכענונגען פאַרן אָנטייל אין שלאַכטן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה, אין דער סיני־אַקציע און פאַר זייער דינסט אין דער „הגנה". אויך צווישן די הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, אין די מוניציפּאַליטעטן, אין דער עקזעקוטיווע פון דער הסתדרות, אין דעם פּאָליציי־אַפּאַראַט, ביי די פּאַרטייען, צווישן קינסטלער, אין דער אינדוסטריע, באַנק־וועזן און האַנדל — פאַרנעמען אונדזערע בני־עיר א בכבודיקן פּלאַץ.

כדי צו באַלויכטן די אַלזייטיקע טעטיקייט פון דעם אירגון יוצאי פשמישל אין ישראל, ברענגען מיר לענגערע אויסצוגן פון א מעמאָריאַל, וועלכער איז אין יולי 1959 פונאַנדער־געשיקט געוואָרן צו אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל. אין דעם מעמאָראַנדום ווערט צוו. אַנד. געזאָגט:

„די צאָל פשעמישלער אין ארץ־ישראל איז שוין פאַרן צווייטן וועלט־קריג געווען א גענוג גרויסע, דאָך האָבן זיי נישט געפּילט די באַדערפעניש צו גרינדן א פאַרבאַנד. ערשט אין יאָר 1944, ווען די דייטשן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פשעמישל, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן חורבן פוילן בכלל און חורבן פשעמישל בפרט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס'איז נייטיק צו אָרגאַניזירן דרינגענדיקע הילף פאַר די איבערגעבליבענע יידן אין שטאָט. מיר האָבן איינגעשטעלט א קאָנטאַקט מיטן יידישן קאָמיטעט אין פשעמישל און אַהין איבערגעשיקט אונדזער הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע ברידער.

נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, האָבן אָנגעהויבן צו קומען אין לאַנד, דער עיקר אַלס אומלעגאַלע עולים, פשעמישלער יידן פון דער שארית הפליטה. צו יענער צייט זענען נאָך נישט געווען די אַלע מיטלען אויף אויפצונעמען די עליה — און די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע צו דערלאַנגען הילף דעם ניי־געקומענעם. דאָס האָבן מיר געטאָן מיט אונדזערע שוואַכע כוחות און מעגלעכקייטן. אויסער דעם האָט מען אינטערווענירט אין דער סוכנות, געהאָלפן באַקומען א דירה, געזאָרגט פאַר באַשעפטיקונג און אַרויסגעגעבן פון אונדזער לייַ־קאַסע הלוואות אָן פּראָצענט.

אין גאַנג פון דער אַרבעט איז קלאָר געוואָרן, אַז אויסער דער הילפס־טעטיקייט, פאַרבינדן אויך פשעמישלער יידן אין לאַנד און אין אויסלאַנד דערינערונגען פון דער אַלטער היים און אַז מע דאַרף פאַראייביקן די איבערלעבונגען פון די, וועלכע זענען געווען עדות פון אומברענגען די רומפולע יידישע קהילה אין פשעמישל, די עיר ואם בישראל. די יערלעכע אזכּרות פון די פשעמישלער אין ישראל, האָבן פון אַלע עקן לאַנד צונויפגעבראַכט קיין תּל־אביב הונדער־טער אונדזערע לאַנדסלייט. דער פאַרבאַנד איז געוואָרן א יש, אַן אַדרעס פאַר פשעמישלער אין ישראל און אויף דער גאַנצער וועלט.

אין די לעצטע צווי יאָר איז די עליה פון פוילן באַנייט געוואָרן. איצט זענען געקומען פון פשעמישל נישט קיין צעשראָקענע מענטשן אויף וועלכע ס'זענען נאָך געווען קענטיק די איבער־לעבונגען פון די אָקופּאַציע־יאָרן, נאָר מענטשן וועלכע זוכן א היים. הגם זייער מאַטעריעלע לאַגע

איז ניט געווען פון די ערגסטע, האָבן זיי פאַרט זיך געניייטיקט אין הילף און אין עצות פון דעם פאַרבאַנד. און קודם כל — אין קאָנסטרוקטיווע הלוואות. דאָס האָבן זיי באַקומען, אָן פּראָצענט און אויף א תקופה פון 3 יאָר. אויסער דעם זענען אדורכגעפירט געוואָרן אינטערווענצן אין פאַר־שידענע אמטן און אינסטיטוציעס לטובת די ניי־געקומענע פּשעמישלער.

פאַרשטייט זיך, אז דערביי האָט מען נישט פאַרזען די באַזונדערע פאַלן פון נויט ביי לאַנדס־לייט־יחידים און לגבי זיי איז די הילף ניט איבערגעריסן געוואָרן. פאַראַן אויך אלטע לייט, קראַנקע, אומפעיִקע צו אַרבעט. די שיינע טראַדיציע פון מתן בסתר ווערט אויך דאָ אָנגעהאַלטן. באַזונדערס — פאַר פסח. אוודאי איז אוממעגלעך צו באַפרידיקן אלע באַדערפעניִשן, ווייל מיר זענען אַן אָרעמער פאַרבאַנד.

א ספּעציעלער קאָמיטעט פאַרנעמט זיך מיט צונויפזאַמלען מאַטעריאַלן פאַר אונדזער ספר יזכור. צוואָנציק חברים, איינגעטיילט אין פיר סעקציעס, טוען די דאָזיקע אַרבעט פרייוויליק, אָן באַלוינונג. נישטאָ קיין איין געצאָלטער פונקציאָנער״.

★

אונדזער אָרגאַניזאַציע האַלט אָן א שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די פּשעמישלער לאַנדס־מאַנשאַפטן אין די פאַר. שטאַטן, אַרגענטינע, בעלגיע, פראַנקרייך. אין די דאָזיקע לענדער געפינט זיך אָן אָנגעזעענע צאָל פּשעמישלער יידן, וועלכע זענען מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן מיט ישראל.

די אַקטיווסטע טוער פון אונדזער אירגון, פון אָנהייב ביז איצט, זענען: ד״ר מרים מיזעס־רייך, ד״ר צבי רובינפעלד, בנימין זאַלץ, הערץ אַנטמאַן, מינע באַבע, שרה בורשטין, צילה ברודנער, בעלאַ באַומאַן, אידאַ געלשטיין, אלימלך מעצגער, שלמה טשאָפּ, רעגינע טשאָפּ, יחזקאל פייער, פעפערבאַום דזשוניאַ, קלאַרה פעקעלמאַן, אריה קהאָוע, משה קופּפערבערג, עמיל קאַסטנער, ישראל שמידט. פון חיפה: חנוך האַנד, אינזש׳ משה וואַרט, ד״ר בנימין ווייַנטראַוב. מיט דער גמילות־חסד קאַסע פירן אָן: נחום פאָלער, אשר ראָזענפעלד, פרוי סימאַ פּאַר.

צום רעדאַקציע־קאָמיטעט פון „ספר פּשמשיל״ געהערן: ד״ר דב ניצני, אינזש׳ יוסף אַלטבאַוער, ד״ר מרדכי שאַטנער, ד״ר אליהו בלאָך, חנוך טראַו, אינזש׳ לעאָפּאָלד געץ, ד״ר מתתיהו גאַנס, חנוך האַנד און שלמה גאָלדשטיין ז״ל.

לאָמיר דאָ דערמאָנען די קאָמיטעט־מיטגלידער, וועלכע זענען פון אונדז אַוועק אויף שטענדיק:

ד״ר יוסף אַקסער, שלמה גאָלדשטיין, ד״ר יוסף גראָסמאַן, שמואל רבהאַן, יעקב קערנער, סטעלאַ שפּייזער־לאַנדערער.

## פשעמישלער לאנדסמאנשאפט אין ניו־יארק

### א.

מיט דער ערשטער כוואליע פון יידישער עמיגראציע פון פשעמישל אין די פאראייניקטע שטאטן אין ניינצנטן יאָהרהונדערט, זענען אין ניו־יאָרק אנטשטאנען די ערשטע אינסטיטוציעס פון אונדזערע לאנדסלייט. אויפןביישפיל פון די נאָך פון פריער געגרינדעטע אָרגאניזאציעס פון די עמיגראנטן פון מזרח־איראָפּע, האָבן פשעמישלער יידן געוואָלט אויך א קאָלעקטיוון און סאָלידארישן אופן דערגרייכן פאר זיך צילן פון געזעלשאפטלעכן, סאָציאלן און רעליגיעזן כאראקטער.

אָט איז א רשימה פון א גאנצער ריי פשעמישלער אָרגאניזאציעס, וועלכע זענען אין יענער תקופה געשאפן געוואָרן אין ניו־יאָרק:

1. די „פּירסט פּשעמישלער סיק בענעפיט סאָסייטי", געגרינדעט נאָך אין יאָר 1889.
2. „קאָנגרעגיישן תפארת יוסף אנשי פשעמישל" (געגרינדעט אין 1891).
3. „אָרדער לייזער גאנס".
4. די יוגנט־אָרגאניזאציע „פשעמישלער יאָנג מען ענד יאָנג ליידיס".
5. די פרויען־אָרגאניזאציע פאר הילף און שטיצע „פשעמישלער ליידיס אייד סאָסייטי".

צום סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געגרינדעט געוואָרן א ספּעציעלער הילפס־קאָמיטעט פאר די געליטענע פון חורבן: „יונייטעד רעליעף פאָר פשעמישל".

### ב.

די וויכטיקסטע אויפטועך פון יעדער, פריער דערמאָנטער אָרגאניזאציע, איז געווען אזא:

די „פּירסט פּשעמישלער סיק בענעפיט סאָסייטי", די עלטסטע און פארוואָרצלסטע אָרגא־ניזאציע פון אונדזערע לאנדסלייט אין ניו־יאָרק, איז אנטשטאנען אין חודש מאי 1889, א דאנק דער איניציאטיוו פון הערמאן גאָלדשטיין, א געבוירענער אין פשעמישל. דורך דער רעגירונג איז אָנערקענט געוואָרן דער סטאטוס פון דער אָרגאניזאציע. צווישן אירע גרינדער זענען אויך געווען די פשעמישלער געבוירענע: יעקב קנאָלער און לואי בוקסבוים. די עיקרדיקע טעטיקייט זייערע איז געווען: סאָציאלע הילף און קעגנזייטיקע פארזיכערונג אין פאלן פון קראנקהייטן און טויט. א פארזיכערטער חבר האָט באקומען אויסגעצאָלט 10 דאָלאר א וואָך אין די ערשטע דריי וואָכן פון זיין קראנקהייט — און 7 דאָלאר א וואָך אין די ווייטערדיקע 7 וואָכן אין פאלן פון כראָנישער קראנקהייט, אָדער ארבעטלאָזיקייט. דאקעגן איז איינמאָליקע הילף געגעבן געוואָרן אין באדייטנדיק גרעסערע סומען.

פאר ארויסגעבן געווינלעכע הלוואות, האָט עקזיסטירט א ספּעציעלער פאָנד, וועלכער איז געשאפן און אָנגעפירט געוואָרן דורך נתן קורץ, באקאנט טאקע אונטערן דאָזיקן נאָמען. אין פאל פון א נויט, האָבן פשעמישלער יידן באקומען פון דעם מקור א הלוואה.

ביים פארבאנד האָט עקזיסטירט א ספּעציעלע אָפּטיילונג צו זארגן פאר חברים, וועלכע זענען דערגאנגען צו א הויכן עלטער. אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג האָט הער דאנענהירש, וועלכער האָט אגב געשטאמט פון רומעניע. אלס עמבלעם פון דעם פאראיין האָט געדינט דער הערב פון דער שטאָט פשעמישל — א בער מיט א שטערן אויף זיין רוקן.

כדי זיכערן פאר אירע מיטגלידער א קבר, האָט די סאָסייטי זיך איינגעשאפט דריי בתי־עלמינס. דער ערשטער — „וואשינגטאָן סעמעטרי" אין ראיאָן פון ברוקלין, ווו ביז איצט האָט מען קובר געווען ביז 400 פשעמישלער. עס זענען נאָך געבליבן פריי 15 ערטער, וועלכע זענען רעזערווירט פאר מיטגלידער מיט באזונדערע פארדינסטן און רעכט.

אין יאָר 1902 איז אין ראיאָן לאָנג־איילאַנד איינגעקויפט געוואָרן נאָך א בית־הקברות („מוינט ציון סעמעטרי״), ווו עס זענען שוין געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו 550 פערזאָן. היות ווי דער בית־עלמין האָט זיך פארפולט, איז אין יאָר 1924 איינגעקויפט געוואָרן א דריטער, א גרויסער — „בית דוד סעמעטרי״ אין ראיאָן פון לאָנג איילאַנד, ווו מ׳האָט ביז איצט קובר געווען ביי א 100 פערזאָן.

די סאָסייטי באַטייליקט זיך אויך אין דעקן די הוצאות פון אוועקשטעלן מצבות.

פארשטייט זיך, אז די קברים זענען קודם כל רעזערווירט פאר פשעמישלער לאַנדסלייט. אויך אָפּשטאַמיקע פון אנדערע שטעט האָבן אויף דעם א רעכט, נאָר מיטן באַדינג, אז זיי האָבן חתונה געהאַט מיט פשעמישלער אָדער געהערן פון לאַנג צו דער סאָסייטי. מע דאַרף אונטער־שטרייכן, אז דער רוב מיטגלידער שטאַמען פון גאַליציע.

אין יאָר 1959 האָט די סאָסייטי געפייערט מיט גרויס פארנעם איר 70־יעריקן קיום און אין דעם פייערלעכן באַנקעט לכבוד דער געשעעניש האָבן זיך באַטייליקט א מאַסע מיטגלידער. אין מאי 1964 גרייט זיך די חברה צו פייערן דעם „ברילייאַנטענעם יובל״ — 75 יאָר עקזיסטענץ פון פאַראיין, וואָס מיינט: 75 יאָר הילף פאר נויטבאַדערפטיקע, פון זאָרג פאר קראַנקע, פון מנחם־אבל זיין פאַריתומטע מיטגלידער, פון געבן שטיצע פארשידענע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אין דערפילן זייערע אויפגאַבן. וועלכע נאָך לאַנדסמאַנשאַפטן קענען זיך פאַרשטעלן מיט אַזעלכע אויפטוען?

אין יאָר 1961 זענען בראש פון דער סאָסייטי געשטאַנען:

פּרעזידענט — ביבער, פאָרזיצער — הערבערט ק. פילערסדאָרף, וויצע־פאָרזיצער — גאָטליב, פינאַנס־סעקרעטאַר — בוקסבאום, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — וויליאַם קנאָלער, קאַסיר — וויליאַם שניידער. פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: בנימין ראַפּס, בנימין גרינבערג. צווישן די אַלטע חברים געפינען זיך — שמואל גאָלדשטיין, וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן אלס פאָרזיצער פון גאַליצישן פארבאַנד „הר המוריה״.

### ג.

די „קאָנגרעגיישן תפארת יוסף אנשי פשעמישל״ טראָגט דעם נאָמען פון הרב הגאון ר׳ יוסף חנניה ליפּה מייזעלס, פשעמישלער רב, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1865. די אויפגאַבן פון דעם פאַרבאַנד זענען דער עיקר — סאָציאַלע, נאָר ער זאָרגט אויך פאר די רעלי־גיעזע הצטרכותן פון די מיטגלידער און פאַרזיכערט אין די שולן ערטער צום דאַווענען אין די שבתים און יומטובים. פון זייער פינאַנסיעלער הילף געניסן אויך פשעמישלער, וועלכע וווינען אויסער ניו־יאָרק. זייער צאָל מיטגלידער — בערך 200.

אין יאָר 1959 זענען בראש פון פאַראיין געשטאַנען:

ערן־פּרעזידענט — זשאַק בורסטאַק, פּרעזידענט — בנימין קערן, וויצע־פּרעזידענט — שמעון שוואַרץ, פינאַנס־סעקרעטאַר — הערמאַן שלוצקי, פּראָטאָקאָלן־סעקרעטאַר — עמיל נייבורט, קאַסיר — זיגמונט גאָלדשמיד.

אין יאָר 1962 האָט די סאָסייטי אַדורכגעפירט אַן אזכרה־אָוונט נאָך די קדושים פון פשעמישל. פּרעזידירט דעם אָוונט האָט מר זשאַק בורסטאַק, געוו. פּרעזידענט און אלס רעדנער זענען ארויסגעטרעטן: מר בנימין קערן און מזכיר־נשמות געווען האָבן הרב אהרון צבי ווייצנער און דער חזן אברהם רוט.

### ד.

דער „אָרדער לייזער גאַנס״, א.נ. פון אליעזר גאַנס, דער בכור פון די פינף זין פון דער משפחה גאַנס, וועלכער איז געווען דער שווער פון ר׳ יהושע מייזעס, האָט געגרינדעט א „לאָזשע״, אוועקגעשטעלט אויף די זעלבע יסודות פון די „בני־ברית״ מאַסאָנען־לאָזשעס, וועלכע פאַרבינדעט

אירע מיטגלידער מיט פעדים פון ברידערלעכקייט און פירן אדורך זייערע צערעמאָניעס אויף א געהיימניספולן אופן, באנוצנדיק זיך אויך מיט פארשידענע סימבאָלן. פיל אימיגראנטן פון די מזרח־איירָאָפּעישע שטעט האָבן אין ניו־יאָרק איינגעשטעלט זייערע לאנדסמאנשאפטן־פאראיינען אויף אזא אופן, זייענדיק אָרגאניזירט אין די ראמען פון דער „אומאָפּהענגיקער לאָזשע א. נ. אברהם אבינו" („אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם"). די „לאָזשע" האָט אין דער ערשטער ריי זיך פארנומען מיט קעגנזייטיקער לעבנס־פארזיכערונג פון אירע מיטגלידער און ארויסגעלאָזט פּאָליסעס אויף א סומע פון 600 דאָלאר. דער קריזיס אין די פאר. שטאטן, וועלכער איז אויס־געבראָכן אין יאָר 1922, האָט דערפירט צום פונאנדערפאל פון דעם פאראיין, צוזאמען מיטן רוב ענלעכע אָרגאניזאציעס.

ה.

די יוגנט־אָרגאניזאציע "פשעמישלער יאָנג מען ענד יאָנג ליידיס" איז דער עיקר געווען טעטיק אויפן געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן געביט צווישן אירע מיטגלידער. פאר דעם צוועק זענען פאָרגעקומען פארזאמלונגען, פאָרלעזונגען, טאנץ־אָוונטן אדג"ל. דער פאראיין האָט זיך שיין אנטוויקלט און דערגאנגען צו 600 מיטגלידער. פון די אקטיווע טוער, האָבן זיך אויסגעצייכנט: ל. פליכטענפעלד, א רעדנער און אויסגעצייכנטער אָרגאניזאטאָר, אייניקל פון פשעמישלער מלמד ר' סיני, ווי אויך פורעץ און קרויט, זון פון ר' בונם קרויט.

מיט דער צייט האָבן אין פאראיין זיך אָנגעהויבן רייבונגען און קאָנפליקטן אויפן פערזענ־לעכן און פארטייאישן באָדן — און דערפירט צו זיין אויפלייזונג. נאָר דער רוב מיטגלידער איז טריי געבליבן די אינטערעסן פון פשעמישלער און זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אלטן פאראיין „פירסט פשעמישלער סיק בענעפיט סאָסייטי".

ו.

די פרויען־אָרגאניזאציע „פשעמישלער לידיס אייד סאָסייטי" האָט זיך געווידמעט געלט־קאמפּיינען פאר צדקה און הילפס־צוועקן. ווי ענלעכע אָרגאניזאציעס וועלכע ווירקן אינערהאלב דעם אמעריקאנער יידנטום, האָט אויך דער פאראיין זיך אויסגעצייכנט מיט א באזונדערע אקטי־וויטעט און געזעלשאפטלעכער טעטיקייט, מיטהעלפנדיק דער פילאנטראָפּישער טעטיקייט פון פשעמישלער פאר פשעמישלער.

ז.

צום סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען קיין אמעריקע זענען דערגאנגען די ידיעות פון דעם גרויסן נאציאָנאלן בראָך פונעם פוילישן און במילא — פשעמישלער יידנטום, איז געשאפן געוואָרן דער „יונייטעד רעליעף פאָר פשעמישל" פון פאָרשטייער פון די פריער דערמאָנטע דריי פשעמישלער אָרגאניזאציעס.

דער קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען די וויכטיקע געזעלשאפטלעכע אויפגאבע צונויפ־צוזאמלען געלט, שפּייז און קליידונג, כדי זיי איבערפירן די שארית הפליטה פון פשעמישל און אָנהאלטן קאָנטאקטן מיט די לעבנגעבליבענע פשעמישלער יידן. די הילף איז געגעבן געוואָרן אויף א זעלבשטענדיקן אופן און אויך צוזאמען מיטן „דזשוינט".

דער קאָמיטעט האָט אויך דערפאָלגרייך געהאָלפן אין דער ארבעט פון אויפזוכן קרובים אין פארשידענע לענדער, ווי: עסטרייך, טשעכאָסלאָוואקיי, בעלגיע, איטאליע, פראנקרייך און אפילו — כינע. די ווענדונגען און איינשטעלן קאָנטאקטן מיט די פשעמישלער אין ניו־יאָרק און אין אנדערע אמעריקאנער שטעט, האָט געגעבן גוטע רעזולטאטן.



אויף דער אזכרה פון דער פשעמישלער לאנדסמאנשאפט אין ניו־יאָרק, 1946
אזכרה של יוצאי פשמישל בניו־יורק, 1946
Commemoration meeting of former Przemyśl Jews citizens in New-York, 1946

אין יאנואר 1946 איז אין ניו־יאָרק פאָרגעקומען א מאסן־מיטינג אונטערן פאָרזיץ פון הערמאן יונגלייב. געוועדט האָבן: שמואל גאָלדשטיין, נתן קופפער, הערבערט זיסמאן. אויפן אָרט איז געזאמלט געוואָרן 7 טויזנט 168 דאָלאר.

בראש פון קאָמיטעט זענען אין אָנהייב געשטאנען: פרוי זשעני סאלבערג — פרעזידענטין, דערנאָך זענען אויסגעוויילט געוואָרן אלס פרעזידענט — נתן קופפער, וועלכער איז אין משך פון העכער 7 יאָר געווען דער לעבעדיקער גייסט אין די פאראיינען פון די פשעמישלער יידן, באזונדערס אין „פירסט פשעמישלער סיק בענעפיט סאָסייטי", ווו ער האָט דעם רוב פון זיין צייט געווידמעט געזעלשאפטלעכע פראגן.

אין יאָר 1946 איז די לייטונג פון דער אָרגאניזאציע באשטאנען פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: וויצע־פרעזידענטן — אנא גאָלדבערג, זשאָ דאנק, רעגינע שפינראד, נתן קורץ, מארטא בורסטאָק, הערי גאָלדבערג, בערנארד קריגער. קאסירערין — זשאק ווייס, סעקרעטארין — העלען קויפמאן.

אין יאָר 1962 איז אלס פאָרזיצער פון קאָמיטעט אויסגעוויילט געוואָרן זשאק בורסטאָק און אלס קאסיר — נתן קופפער.

## ח.

דער פאקט וואָס אין משך פון 75 יאָר האָבן די יוצאי פשעמישל, טראָץ די שוועריקייטן פון דער צייט און סביבה, געוווּסט איינצוהאלטן זייער טריישאפט צו די לאנדסלייט ווו זיי זאָלן זיך ניט געפונען און זיך ווידמען יידישער ווױלטעטיקער הילף, באווייזט אמבעסטן זייער צוגעבונדנקייט און סענטימענט פאר דער אלטער היים. אויך די אָפטע קאָנטאקטן און ענגע צוזאמענארבעט צווישן די צוויי צענטערס פון פשעמישלער יידן — אין ניו־יאָרק און תל־אביב, פארזיכערט צו פאראייביקן דעם אָנדענק פון דער אלטער יידישער קהילה אין פשעמישל, וועלכע איז געווען — און איז מער נישטא...

ד"ר מ. שאטנער *

# חורבן פשעמישל

## דער אנהייב

אנאליזירנדיק די געשעענישן אין פשעמישל אין די יאָרן 1939 — 1945 און דעם גורל פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, קומט מען צום אויספיר, אז ביי אונדז איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס אין די אנדערע גרויסע שטעט אין פוילן: דער זעלבער פלאַן; דער זעלבער פרייסישער סיסטעם; די זעלבע גרויזאמקייט ביים אדורכפירן די אנטי־יידישע גזירות, אקציעס און רציחות. אויך אין פשעמישל האָט די היטלעריסטישע אויסראָטונגס־מאשין געאַרבעט אָן רחמים — און פון בערך א צוואנציק טויזנט פשעמישלער יידן, זענען ניצול געוואָרן בסך־הכל א דרייהונדערט...

לויט א באריכט פון יידישן קאָמיטעט אין פשעמישל, צונויפגעשטעלט דעם 12טן סעפטעמבער 1945, זענען ביי א 24 טויזנט יידן פון דער שטאָט גופא און פון דער אומגעגנט, אומגעבראכט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע העלפערס. און מיר ווייסן וויפל פיין, דער־נידעריקונגען, בלוט און טרערן עס באהאלטן זיך אונטער די דאָזיקע טרוקענע ציפערן. מיר ווייסן אויך, אז באַגלייך מיט דערשיינונגען פון מענטשלעכער געפאַלנקייט, האָבן אין יענער פינצטערער תקופה זיך אויך אנטפלעקט גבורה און זעלבסט־אָפּפערונג.

דער אָנהייב פון דער יידישער טראגעדיע אין פשעמישל דאטירט זיך פון 8טן סעפטעמבער 1939, ביינאכט. ווי באוווּסט, איז די מלחמה אויסגעבראָכן דעם 1טן סעפטעמבער. אָבער אין פשעמישל האָט זיך קיינער ניט פאָרגעשטעלט, אז די דייטשן וועלן אזוי שנעל דערגרייכן די שטאָט. דעם 8־טן סעפטעמבער, אין די שפּעטע נאכט־שעהן, זענען אָנגעקומען ידיעות, אז דער שונא דערנענטערט זיך צו פשעמישל און אז אויפן וועג מאָרדן די דייטשן אלע מענער — יידן. ביינאכט איז דער גרעסטער טייל פון דער יידישער מענערישער באַפעלקערונג שוין געווען אויפן וועג קיין מזרח. א גאנצע נאכט און אין די פרימאָרגן־שעהן האָט מען געזען יידן מיט רוקזעק, פעק און טשעמאָדאנעס — מארשירן אין בהלה, אָן א ציל. ס'איז געווען א שיינער, הארבסטיקער טאָג. און נישט נאָר יידן, נאָר אויך פאָליאקן און אוקראַאינער, וועלכע זענען אויך געווען באזאָרגט און געוואָלט ראטעווען זייערע פארמעגנס, און זיך געפונען אין א נישט־גוטער לאַגע, האָבן פונדעסטוועגן אויף שריט און טריט געדראָט די יידן, אז „באלד וועלן קומען די דייטשן און אייך אלע אויסשעכטן; דאָס וועט זיין אייער סוף דערפאר וואָס איר האָט אונדז געטאָן..." זיי האָבן זיך גאָר געפרייט מיט דעם וואָס איז געקומען אויף די יידן...

פון די וואָס זענען דאן אנטלאָפן, האָט דער גרעסטער טייל זיך צוריקגעקערט קיין פשעמישל צוזאמען מיט די רוסן (29 סעפטעמבער 1939). אנדערע זענען אוועק קיין רומעניע און אונגארן.

די באָמבארדירונג האָט גורם־געווען גרויסע שאָדנס אין דער שטאָט. זי האָט געדויערט ביז דעם 9 סעפטעמבער. יענעם טאָג איז שטיל געוואָרן. נישט געווען אין שטאָט קיין פוילישע און דייטשע מאכט־אָרגאנען במשך זעקס טעג. פארשטייט זיך, דאָס איז געווען א שטילקייט פאר א שטורעם. דעם 15טן סעפטעמבער זענען די דייטשן אריין קיין פשעמישל.

* ביי דער מיטארבעט פון די ניצול־געוואָרענע פונעם חורבן: פרוי ברודנער, פרוי כספי־פינקעלשטיין, פרוי באומאן, פרוי טענענבוים־קנעפעל, ד"ר שטראמער, י. קנעפעל.

לויט די ידיעות וואָס מיר האָבן פון דער צייט, זענען די דייטשן אין די ערשטע צוויי טעג געווען אין אָרדענונג. די יידן־אָפּטימיסטן האָבן געזען אין די דייטשן קולטורעלע מענטשן, זיי האָבן זיך און אנדערע איינגערעדט, אז ס'איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, אַלץ וועט זיך איינ־אָרדענען ווי עס באדארף צו זיין. אין די ערשטע טעג האָבן די דייטשן גענומען פיל יידן צו דער ארבעט, אָבער אין די אָוונטן זיי צוריק געשיקט אהיים. דערנאָך אָבער האָבן די ארבעטער אָנגעהויבן פארשווינדן צו ווערן. צום ערשט — יחידים, שפּעטער — גאנצע גרופּן.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן די דייטשן אָנגעהויבן ארויסצושלעפּן פון די הייזער פיל יידן, לויט א רשימה. דאָס האָט באדארפט זיין א נקמה־אקט פאר 12 געהרגעטע דייטשן, וועלכע זענען כביכול דערשאָסן געוואָרן דורך יידן אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאציע. אויסער דעם האָבן זיי יעדן ייד, באגעגנט אין גאס — ערגעץ פארשלעפּט. ביי א 600 יידן זענען דאמאָלט דערהרגעט געוואָרן. א העלפט פון זיי — פליטים פון מערב־פוילן. די אלע קדושים זענען אומגעקומען אויף 3 פּלעצער: ליפּאָוויצע, פּראלקאָוועצע און פּיקאליצע.

בערך 2 וואָכן זענען די דייטשן געווען אין שטאָט. צום סוף האָבן זיי נאָך באוויזן צו פארברענען און צעשטערן א סך יידישע הייזער, אלע גרויסע בתי־מדרשים, ווי שיינבאך, טעמפּל און די גרויסע שול.

צוויי טעג פארן אריינקום פון די רוסן אינעם מזרח־טייל פון דער שטאָט, האָט מען פּלוצום געמאָלדן, אז די יידן דארפן פארלאָזן זאסאניע אין פארלויף פון 24 שעה. דער ייד, וואָס וועט זיך דאָרט געפינען נאָך דער באשטימטער צייט, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט. אזוי ווי די בריק אויפן סאַן איז געוואָרן אויפגעריסן נאָך פארן אריינמארש פון די דייטשן, האָט מען אין מזרח־טייל געקענט אריבערגיין נאָר דורך דער מיליטערישער בריק. דאָס איז אָבער לכתחילה געווען פארבאָטן פאר ציווילע, בפרט פאר יידן. טראָץ דער ביטערער דערפארונג אין די לעצטע טעג, האָבן די יידן ניט געלערנט קיין סך פון דער דייטשער פירונג כלפּי זיי און ניט געגלויבט, אז דער דייטשער מיליטערישער קאָמענדאנט וועט טאקע רעאליזירן דעם אויבנדערמאָנטן באפעל, און באשלאָסן צו שיקן א דעלעגאציע צו אים און צום פּוילישן בירגערמייסטער. קיין שום ייד האָט ניט געוואגט ארויסצוגיין אין גאס און מ'האָט באשלאָסן צו דעלעגירן די פרוי ברודנער, א דאָקטאָרס א ווייב. זי איז אוועק אין ביוראָ פון בירגערמייסטער באלדיני און געבעטן זיין הילף אין דער פראגע פון גירוש. באלדיני האָט מיט כעס געפרעגט, צי די יידן מיינען, אז ער האָט ניט קיין אנדערע דאגות ווי נאָר זיי, און זיך אָפּגעזאָגט צו אינטערווענירן ביי די דייטשן וועגן גירוש. בעתן געשפּרעך איז אָנוועזנד געווען דער שטאָטישער אינזשיניער ה' קאטעק, וועלכער האָט ארויסבאגלייט די פרוי ברודנער און ביי איר געבעטן מחילה פאר דער אויפפירונג פון בירגערמייסטער. נאָכן באקומען אזא ענטפער, האָט זי באשלאָסן צו גיין דירעקט צום דייטשן מיליטערישן קאָמענדאנט. דער האָט זי פיין אויפגענומען און דערקלערט, אז ער ווייסט גאָרנישט וועגן דער פאראָרדענונג צו פארטרייבן די יידן און זיי קענען בלייבן אויפן אָרט אָן שום זאָרג.

הערנדיק אזא ענטפער האָבן די יידן דאָך באשלאָסן — טראָץ דער פארזיכערונג פון קאָמענ־דאנט — צו פארלאָזן זאסאניע. גאנץ פרי האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואנדערונג, דער רוב — צופוס, דורכן סאַן, טראָגנדיק אויף זייערע קעפּ דאָס ביסל האָב־און־גוטס. זייער ווינציקע האָבן מצליח געווען צו באקומען א פערד־און־וועגעלע אריבערצופירן די קינדער. די פּאָליאקן זענען געשטאנען אויפן ברעג טייך און צופרידענע זיך צוגעקוקט צום „עקסאָדוס" פון די יידן...




The destroyed bridge, 1939 | הגשר ההרוס, 1939 | אויפגעריסענע בריק, 1939

## די רוסן אין פשעמישל

דעם 28.9.39, האָבן די יידן פרייער אָפגעאָטעמט. די רוסן זענען אריינגעקומען — און צוזאמען מיט זיי, א גרויסער טייל יידן, וועלכע זענען אנטלאָפן ביים אריינמארש פון די דייטשן. מיר האָבן זיי אויפגענומען מיט התלהבות. יעדער האָט דאן געטראַכט, אז פאר פשעמישל איז די מלחמה געענדיקט, ס'וועט זיין א נייע אָרדענונג, אָבער — שלום. די שטענדיקע זאָרג און שרעק פארן לעבן זענען פאַריבער. דעם ערשטן טאָג איז א רוסישע קאפעליע ארויס אין גאס און געשפּילט דאס באקאנטע ליד „קאטיושא". האָבן יידן געמיינט, אז ס'איז א יידיש ליד. די שמחה איז געווען גרויס...

צו ביסלעך האָבן די רוסן אָנגעהויבן איינשטעלן דאָס לעבן אין שטאָט אויף זייער שטייגער. די יידן האבן געמיינט, אז דערוויל וועט זייער לאגע נישט ענדערן זיך א סך, לויט פאר דער קריג. אזוי, למשל, האָט א 3 טעג נאָכן אריינמארש פון די רוסן, איינגעאָרדנט די איבערגעבליבענע יידישע אינטעליגענץ אין קלוב אויף דער מיצקעוויטשא גאס, א הזכרה פאר די יידן וואָס זענען געהרגעט געוואָרן דורך די דייטשן. די יידן האָבן געהאט דעם איינדרוק, אז עס הייבט זיך אָן א נאָרמאל לעבן, אָבער מיט 2 טעג שפּעטער, האָט דער מיליטערישער קאָמענדאנט פון שטאָט געמאָלדן, אז דער קלוב איז איבערגעגאנגען אין רשות פון די ארבעטער.

מיטן אריינקום פון די רוסן קיין פשעמישל, האָט אויפגעהערט יעטוועדע פּאָליטישע אקטיוויטעט פון די יידן, אויס פחד פאר רעפרעסיעס. אזוי האָט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט די יידישע קהילה. איר פארמעגן איז נאציאָנאַליזירט געוואָרן. אויך אלע ציוניסטישע פארטייען האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן, ווייל פאר די רוסן זענען אלע ציוניסטישע באוועגונגען געווען דער אויסדרוק פון קאָנטער־רעוואָלוציע. דער גרעסטער טייל אקטיווע, פּאָליטישע עסקנים, זענען אנטלאָפן פון פשעמישל, ווייל זיי זענען געווען זיכער, אז מ'וועט זיי רופן אין דער נ.ק.וו.ד. און געוווּסט וואָס זיי דערווארט דאָרט. פיל מענטשן, פאַרהאַלטן פון דער נ.ק.וו.ד., זענען אָן שום

ספק געווען א קרבן פון מסירות מצד אלטע, קאָמוניסטישע טוער פון פשעמישל. אויך דער „בונד" האָט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט. די קלובן פון אלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, זענען צוזאַמען מיט זייערע איינריכטונגען, נאַציאָנאַליזירט געוואָרן. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט אלע אנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי: יתומים־הויז, דאָס יידישע שפיטאָל, די אקאדעמישע אליינהילף („סאמאָפּאָמאָץ"), גמילות חסדים, יד חרוצים, בני ברית און אלע אנדערע געזעלשאפט־לעכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס.

דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט די קולטור־דערציערישע אינסטיטוציעס. די פּריוואַטע יידישע מיטלשול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן 11־יעריקע שול מיט יידיש אלס אונטעריכט שפּראַך. די וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט 30.000 בענדער און איז געווען די גרעסטע ביבליאָטעק אין פשעמישל, האָט אויך אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט. פאָרמעל איז די ביבליאָטעק נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, אָבער פאַקטיש איז דער רוב ביכער צוגערויבט געוואָרן.

אין דער צייט פון דער סאָוויעטישער הערשאַפט אין שטאָט, איז פולשטענדיק פאַראָרעמט געוואָרן דאָס יידישע לעבן. אלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, געשעפטן (וואָס בלויז 10% זענען געווען נישט יידישע), זענען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, די פּאַרטיקע סחורות און רוישטאָף זענען פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער רעגירונג. אלע הייזער פון פּריוואַטע אייגנטימער זענען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן פאַר דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט איינקאַסירט דאָס דירה־געלט.

בעלי־מלאכות זענען געצוואונגען געוואָרן צו ליקווידירן זייערע וואַרשטאַטן און „פון גוטן ווילן" זיך אָנשליסן אין די קאָאָפּעראַטיוון (א. ג. „אַרטעלן"). מ'האָט אדורכגעפירט א נאָסטרי־פיקאַציע פון אלע דיפּלאָמירטע אדוואָקאַטן און ווייניק פון זיי האָט מען דערלויבט צו באַשעפטיקן זיך מיט זייער פּראָפעסיע (בערך א 100 אדוואָקאַטן זענען געצוואונגען געוואָרן צו אַרבעטן אלס באַאַמטע, אָדער ביי אנדערע אַרבעטן). די פּריוואַטע פּראַקטיק פון דאָקטוירים איז פאַרקלענערט געוואָרן דורך דעם, וואָס מ'האָט זיי באַשעפטיקט אין שפיטאָל און אין די אַמבולאַטאָריומס („פּאָלי־קליניקעס") א לענגערע צייט אין מעת־לעת.

דערוויל איז געשטיגן די אַרבעטסלאָזיקייט. די וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קאָאָפּעראַ־טיווע אינסטיטוציעס אָדער אין די רעגירונגס־אַמטן, האָבן פאַר זייער לוין נישט געקאָנט עקזיס־טירן און געמוזט פאַרקויפן זייערע זאַכן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט פאַרקויפן.

אין אַפּריל־מאַי 1940, זענען ביי 7000 יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פשעמישל קיין אַזיאַטיש רוסלאַנד. צווישן זיי — פּליטים פון מערב־פּוילן, א גרופּע פּאַרטיי־טוער, פּוילישע אָפיצירן, עטלעכע רייכע מענטשן, הייזער־אייגנטימער. די אלע זענען דורך די רוסן דערקלערט געוואָרן אלס געפערלעכע פאַר דער געזעלשאַפט.

אין יענער צייט האָבן די רוסן אָנגעהויבן אַרויסגעבן פּאַספּאָרטן. עטלעכע טויזנט איינ־וווינער איז געגעבן געוואָרן דער פּאַספּאָרט מיט א „פּאַראַגראַף", וועלכער דערלויבט אים צו וווינען פון 7 ביז 100 קילאָמעטער ווייט פון א שטאָט. דורך דעם האָבן פיל פאַמיליעס פאַרלוירן דעם דאַך איבערן קאָפּ, געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט און פולשטענדיק פאַראָרעמט געוואָרן. ווייל אין די נייע ערטער איז אוממעגלעך געווען צו באַקומען אַרבעט און א וווינונג.

מ'האָט אָנגעהויבן רעקוויזירן דירות אָדער צימערן, צוזאַמען מיטן מעבל, וועלכע זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו הויכע מיליטער־לייט, אָדער באַאַמטע.

א גרופּע טוער פון פאַרשידענע פּאַרטייען זענען אַרעסטירט געוואָרן און נאָך א קורצן משפּט, באַקומען פון 10 ביז 15 יאָר פאַרשיקונג אין די אַרבעטס־לאַגערן אין טיף רוסלאַנד. ס'איז אויך אַרעסטירט געוואָרן פישל באַבאַד, פון בית"ר און עליאַס פון התאחדות. מ'האָט זיי פאַרשיקט קיין סיביר. כאַראַקטעריסטיש פאַרן דעמאָלטיקן משפּטן: די וועלכע זענען אַנטלאָפן פון מערב־

פוילן און זענען נאָך נישט איינגעשלאָסן געוואָרן אין גרויסן גירוש פון יאָר 1940, זענען מאסנווייז ארעסטירט געוואָרן אלס דייטשע שפּיאָנען און ארייננעזעצט געוואָרן אין דער פשעמישלער תפיסה, וועלכע האָט געקענט אויפנעמען בערך 100 מענטשן, נאָר אין יענער צייט האָט מען דאָרט פארשפּארט 1500 ארעסטירטע, דער רוב פון די פּליטים.

אזא איז די געשיכטע פון דער תקופה פון רוסישער הערשאפט אין פשעמישל פון 28.9.39, ביז דעם 21.6.41. רעלאטיוו גענומען — א שטילע צייט, טראָץ די גירושים און שטענדיקן פחד פאר דער נ.ק.וו.ד. ס'איז דאָך מעגלעך געווען פאר דעם יחיד און זיין משפחה צו פירן א נאָרמאל לעבן, אויב זיי זענען נישט געווען ווי פעפער אין די אויגן פון די אלטע קאָמוניסטן. דער גרעסטער טייל ארויסגעשיקטע אין דער צייט פון די רוסן, זענען געווען די שארית־הפליטה פון די יידן אין פשעמישל.

## די דייטשן זענען ווידער דא!

דער אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה איז פאר אלעמען, אויך פאר די רוסן, געווען אומגערעכט. א באווייז — די רוסן זענען אנטלאָפן אין די פּידזשאמעס, אין מיטן דער נאכט.

בערך 2 פארטאָג האָבן די דייטשן אָנגעהויבן באָמבארדירן די שטאָט. ווייל פשעמישל איז נאָענט צום גרענעץ, זענען די דייטשן שוין מיטאָג־צייט געווען אין שטאָט (21.6.41). נאָך דעם ווי די רוסן זענען געקומען צו זיך און געשטעלט א ווידערשטאנד, זענען די דייטשן צוריק אָפּגעטראָטן, פארלירנדיק פיל קרבנות. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א קאמף איבער דער שטאָט פנים־אל־פנים, וועלכער האָט געדויערט א וואָך צייט. פאר דער צייט האָבן די רוסן באוויזן (ציווילע, צוזאמען מיט די מיליטער־לייט) צו אנטלויפן. אויך א סך יידן, אין וועלכע די רוסן האָבן זיך געניייטיקט, זענען אנטלאָפן. דעם 28.6.41, זענען די דייטשן אריין אין שטאָט. דאָסמאָל — אויף קארגע 4 יאָר צייט.

בעת די קאמפן, האָט די באפעלקערונג זיך אויסבאהאלטן אין די קעלערן. ווען די דייטשן זענען אריין, איז די שטאָט געווען ליידיק. אזוי ווי די דייטשן האָבן שוין געוווּסט אין וועלכע גאסן די יידן געפינען זיך, זענען זיי געגאנגען פון הויז צו הויז און געשריען: „יודן, הערויס״! זיי האָבן געוואָלט וויסן וויפל יידן זענען דאָ אין שטאָט.

אין דער צייט פון דייטשן ארייננמארש, זענען צווישן די 17.000 יידן אין פשעמישל, ארומגעגאנגען קלאנגען וועגן זייער כלומרשט גוטער באציאונג צו יידן און איידעלע באהאנדלונג. און ווען מ'האָט זיי גענומען צו דער ארבעט נאָכן אויספאָרשן יעדנס געזונט־צושטאנד, און אין אוונט צוריקגעשיקט אהיים — איז דער יידישער אָפּטימיזם געוואָקסן...

די דייטשן האָבן נאָמינירט א יודענראט פון די אָנגעזעענסטע יידן אין שטאָט, מיט ד״ר זיסוויין, ד״ר האס און ד״ר דולדיק בראש. זיי האָבן באדארפט זיין אין פארבינדונג מיט דער דייטשער מאכט. די דייטשן האָבן פארלאנגט פון די יידן געלט און פארשידענע חפצים פארן מיליטער. די געסטאפּאָ איז נאָך נישט געווען אין שטאָט. מיטן אָנקומען פון דער געסטאפּאָ, זענען די יידן אויפגעפאָדערט געווען צו טראָגן דעם מגן־דוד — און דערמיט הייבט זיך אָן די פרשה פון דיסקרימינאציעס און פארפאָלגונגען. אין עטלעכע טעג ארום באווייזן זיך פלאקאטן, וועלכע שטעלן פאָר די יידן ווי וואנצן, מיקראָבן, גיפטיקע שלאנגען. מיט יעדן טאָג — א נייער סטיל, א מער שארפער, וועלכער רופט שוין די נישט־יידן צו דערוווייטערן זיך פון זייערע יידישע שכנים. די דאָזיקע, דערווייל פסיכאָלאָגישע מלחמה, האָט סוף־כל־סוף געצווינגען די יידן צו פארלאָזן זייערע וווינונגס־ערטער אין דער נישט־יידישער סביבה און איבערגיין קיין גארבאזשע, דאָס אָרט וועלכן די דייטשן האָבן באשטימט אלס צוקונפטיק יידיש פערטל.

די דייטשן האָבן געשאפן אן „ארבעטס־אמט״, אונטער א דייטשער אָנפירונג, בראש מיט אן אוקראַיִנישן הויכן באאמטן און יידישע באאמטע, וועלכע האָבן באדארפט צושטעלן ארבעטער צו פארשידענע שווארצע ארבעטן אין שטאָט און אין דער סביבה.

אלע יידן האָבן געמוזט ארויסנעמען ארבעטס־קארטן. דער ארבעטס־אמט פאר יידן האָט זיך געפינען אין דער נידער. פאר נישט־יידן איז די ביורא געווען אויפן צווייטן און דריטן שטאָק. ווען א דייטש האָט דאָרט געטראָפן א ייד, איז ער ארעסטירט און אכזריות׳דיק צעשלאָגן געוואָרן.

אין ארבעטס־אמט, וואָס זיין לייטער פון דער יידישער זייט איז געווען ד״ר טענענבוים, האָבן זיך פארשריבן אלע יידן. ווער ס׳איז געווען שוואך, האָט באדארפט אדורכגיין א מעדיצינישע אונטערזוכונג. נאָר אינוואלידן און דאָקטוירים זענען באפרייט געוואָרן פון דער צוואנגס־ארבעט. די דאָקטוירים האָבן פיל געהאָלפן די, וועלכע האָבן נישט געקענט ארבעטן ביי שווארצע ארבעט. די באשעפטיקטע זענען איינגעטיילט געוואָרן אין גרופן, אונטערן אויפזיכט פון א „פאָלקס־דויטשע״, דער רוב פון זיי — סאדיסטן, וועלכע האָבן שטארק פארביטערט דאָס לעבן פון די ארבעטער. אזוי, למשל, האָט מען געצוואונגען די יידישע שילער און שילערינס פון דער גימנאזיע, רייניקן די גאסן און דאָס מיסט ארויפלייגן אויף די וועגעלעך דווקא אין מיטן העלן טאָג, ווען זייערע פוילישע חברים האָבן זיך פריי שפאצירט אויף די גאסן. די כוונה פון די דייטשן איז געווען נישט נאָר די ארבעט, נאָר דער עיקר — דערנידעריקן די יידן אויסערלעך און זיי אנטמוטיקן אינערלעך.

די יידישע דאָקטוירים, וועלכע האָבן געהאט געוויסע רעכט ווי אלע דאָקטוירים אין די ערשטע 4 חדשים, זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן נישט אויפצונעמען קיין ארישע קראנקע,



באָמבארדירטע הייזער אויף יאגעללאָנסקע, 1941
בתים שהופצצו ברחוב יגילונסקה, 1941
Bombarded houses at Jagiellonska street, 1941



יידישע צוואנגס־ארבעטערביים רייניקן דעם באַמבארדירטן רינגפלאַץ
פועלי כפיה יהודים בפנוי ההריסות של ה„רינק"
Debris clearing of the market-square by Jewish forced labourers

אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף פאר נישט אויספירן דעם באַפעל. אזוי ארום איז פאקטיש פארענדיקט געוואָרן די פריוואטע פראקטיק.

פונדעסטוועגן האָט דאָס יידישע לעבן אָנגעהויבן זיך איינצושטעלן. מענטשן, וועלכע האָבן אין דער צייט פון די רוסן נישט געוואגט צו פארנעמען זיך מיט האנדל, האבן איצט געעפנט אין יידישן קווארטאל קליינע געשעפטן, אויסער די וואָס זענען געעפנט געוואָרן דורכן יודענראט און באקומען צוגעטיילט שפייז פון די דייטשן. זיי האָבן געהאָפט, אז די דייטשן וועלן ניט שטערן, אָבער זייער האָפענונג איז געווען א פאלשע. ווייל מ'האָט אָנגעהויבן פארמאכן די געשעפטן, אָדער איינגעשטעלט אַן אויפזיכט פון די דייטשן.

## די ערשטע גזירות און רציחות

מיט דער צייט, האָט מען די יידן באפוילן איינצוקויפן נאָר אין געוויסע שעהן: פון גאנץ פרי — ביז אכט, און אין אָוונט — פון 6, ווען ס'איז שוין אוממעגלעך צו באקומען עפעס אויפן מארק.

אין די מער רייכערע יידישע וווינונגען, פלעגן די דייטשן און די אָרטיקע פאָלקסדויטשן, קומען טאָג־טעגלעך און מיט פארשידענע „באפעלן" ארויסנעמען מעבל, קלאווירן, דיוואנען, זילבערוואַרג און פאָרצעליי. די מער „אָרנטלעכע", זענען געקומען מיט קויף־פאָרשלאָגן... און די יידן האָבן פארקויפט, מורא האָבנדיק נישט מסכים צו זיין מיט די פאָרגעשלאָגענע ביליקע פרייזן, א ניט וועלן זיי געצוווּנגען ווערן אוועקצוגעבן אָן שום אפצאָל. אָבער אין אלגעמיין איז

נאָך אלץ געפירט געוואָרן לויט א געוויסן סדר, אָן סקאנדאלן. די דייטשע רעאגירונג כלפי א יידישער „עבירה״, ווי טראָגן דעם מגן דוד אויפן רעכטן אָרעם, באזוכן דעם מארק אין די פאר־באָטענע שעהן, איז, פארשטענדלעך, געווען זייער א שארפע: טויט־קלעפּ, תפיסה א.א.וו.

אין אָנהייב זענען נאָך באפרייט געוואָרן די יידן, וועלכע זענען ארעסטירט געוואָרן. אָבער שפּעטער איז שוין נישט געווען קיין פאל פון באפרייט ווערן. לויט ידיעות, זענען די ארעסטירטע פארשיקט געוואָרן אין א צענטראלער טורמע און דאָרט האָט מען זיי אומגעבראכט.

אין די ערשטע טעג פון יוני 1942 זענען געהרגעט געוואָרן אלע 45 יידישע פרויען, וועלכע זענען געווען קאָנצענטרירט אין זאסאניע אין 2 הייזער.

די משומדים, וואָס צווישן זיי איז געווען פיל פון דער אינטעליגענץ, ווי: ד״ר ראוויטש, ד״ר גראבשיד (דער יונגערער), ד״ר אירגאנג (זיי זענען דערשאָסן געוואָרן א חודש נאָך דער ערשטער אקציע), זענען פאר דער אקציע געווען זייער צופרידן, ווייל א געוויסן טאָג האָט מען זיי דערלויבט ארונטערנעמען די מגן־דודס פון זייערע אָרעמס און פריי ארומגיין אין די גאסן. דאָס איז געשען א דאנק דער באמיאונג פון פוילישן בישאָף.

ווי דערמאָנט, איז א וואָך נאָכן ארייננמארש פון די דייטשן, געשאפן געוואָרן דער יודענראט מיט ד״ר איגנאץ דולדיק בראש. לויט זיין פאָרשלאג, זענען אין יודענראט ארייגגענומען געוואָרן עטלעכע צוואנציק מענטשן, צווישן זיי: רבנים, דאָקטוירים, אדוואָקאטן, אינדוסטריעלער א.א.וו. אויף דער ערשטער זיצונג האָט ד״ר דולדיק געמאָלדן, אז דער יודענראט איז בלויז דער אויספיר־אָרגאן פון אלע באפעלן פון דער געסטאפּאָ. די פארטיילונג איז געווען פאָלגנדיקע: פּרעזעס פון יודענראט — ד״ר דולדיק, פארטרעטער: ד״ר רעבהאן, ד״ר קראָנבערג; ארבעטס־אמט: נויבארט; געריכטס־אמט: ד״ר מאָרגנשטערן; רעליגיע: הרב היסטער; געזונטהייט: ד״ר ווילציער; האנדל און ארבעטס־אמט: הערמאן גאָלדמאן; שול־ראט; ראָזנפעלד; פּאָליציי. טראו; וווינונגס־אמט: ד״ר פינקלשטיין. די ראט־מיטגלידער זענען געווען פאראנטוואָרטלעך פאר יעדער עבירה, באגאנגענע דורך די יידן.

ביז יולי 1942 האָט זיך אלץ געפירט „לויט דעם געזעץ״. אויסער דעם צונעמען די בעסערע דירות ביי יידן און די שיינע מעבל, זענען די ליידן פון די יידן נישט געווען אזוי גרויס.

דעם 26.12.41 אין א ווינטער־טאָג אין דערפרי, זענען פלוצים דערשינען אין די גאסן די „שופּאָ״־מענטשן און צוגענומען אלע פוטערס ביי די יידישע דורכגייער. אפילו פון די וועלכע האָבן געהאט בלויז א פוטערנעם קאָלנער, האָבן זיי אים אראָפּגעריסן פון מאנטל. אויך פוטער־שיך און „וואלענקעס״ האָט מען צוגערויבט און די מענטשן, דער רוב פרויען, איבערגעלאָזט באָרוועסע אין די גאסן, בעת א גרויסן פראָסט. אין דער זעלבער צייט האָבן די שופּאָס, דייטשע מאכערס און פוילישע פּאָליציי, באפאלן יידישע וווינונגען און צוגערויבט פון דאָרטן אלע פוטערס, אויך בעסערע בגדים און ספּעציעל — לייוונט. די יידן האָבן זיך צו דעם באצויגן קאלט, געווען צופרידן וואָס ס׳איז נישט געקומען קיין גרעסער אומגליק.

געווען פאלן, ווען אוקראינער און פּאָליאקן, וועלכע האָבן געפיינט יידן אויפן „פּריוואטן אופן״, אויף זייער אייגענער איניציאטיוו, זענען באשטראָפט געוואָרן, טייל מאָל — אפילו שווער. אזוי, אז ווייניקסטנס פון דער זייט, האָט דערווייל נישט געדראָט די יידן קיין שלעכטס.

בנוגע דער עקאָנאָמישער לאגע פון די יידן אין יענער צייט, האָבן זיי זיך מפרנס געווען פון ארבעט (שניידעריי, שוסטעריי א.א.וו.), אנדערע — פון האנדלען צווישן זיך און אויך מיט נישט־יידן, הגם דאָס איז געווען שטרענג פארבאָטן. די איבעריקע האָבן געלעבט פון אויסטוישן סחורות מיט די פּאָליאקן און אוקראינער — אויף שפּייז.

די פאראָרעמקייט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די צייטן פון די רוסן, האָט איצט אָנגענומען גרויסע פאָרמען. שווער געווען צו געפינען מענטשן, וועלכע האָבן נאָך געהאט געלט אָדער ווערטזאכן. צו דעם אלעמען, האָבן די יודענראט־מיטגלידער געצווינגען די דאָזיקע יידן צו געבן געלט פאר די באדערפענישן פון יודענראט.

## די געסטאפא פאדערט טויזנט יוגנטלעכע

סוף יוני און אָנהייב יולי 1942 האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאנגען (קיין צייטונגען זענען נישט געווען), וועגן רציחות פון יידן אין טארנאָוו, ריישע און אנדערע ערטער. די קלאַנגען זענען נישט געווען קיין ריכטיקע, נאָר אזוי ווי זיי האָבן נישט אויפגעהערט, זענען די יודענראט־מיטגלידער אוועק זיך דערוויסן ביי דער געסטאפאָ וועגן זייער ריכטיקייט, צי באזירן זיי זיך אויף פאקטן, אָדער איז דאָס נאָר א בלאָף. די געסטאפאָ־לייט האָבן ציניש דערקלערט, אז דאָס איז אמת, נאָר אויב די יידן פון פשעמישל וועלן זיין „גוטע קינדער", וועט מען קענען אויסמיידן די געפאר. האָבן די יידן געפרעגט: „ווי אזוי?" האָט דער שעף פון דער געסטאפאָ, בענעוויטש, געענטפערט: „אויב דער יודענראט וועט אים געבן טויזנט יונגע, ארבעטס־פעיקע מענטשן פארן יאנאָווסקי־לאגער אין לעמבערג, וועט די יידן אין פשעמישל נישט געשען קיין שלעכטס". נאָך א לענגער באטראכטן דעם פאָרשלאג און נאָך אן עפנטלעכע פארזאמלונג — איז די פאָדערונג געוואָרן אָנגענומען. מ'האָט אויסגעקליבן פאר דעם צוועק א ראט, אין פאָלגנדן צוזאמענשטעל: משה גאָטפריד, ד"ר אבערדאם, ד"ר טענענבוים, ד"ר פינקלשטיין און אנדערע.

די ליסטע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן לויט דער רשימה פון ארבעטס־אמט, וואָס דער לייטער פון דער יידישער זייט איז געווען ד"ר טענענבוים. מ'האָט נישט געלייגט קיין ספעציעלן אכט אויפן עלטער אָדער געזונט, הגם מ'האָט אין זינען געהאט אָפּצוהיטן די רעכטן, אז אן איינציקער זון אָדער א קראנקער וואָס זיין מצב קאָן פארערגערט ווערן אין רעזולטאט פון דער שווערער ארבעט, זאָל נישט איינגעשלאָסן ווערן אין דער ליסטע. לויט קלאנגען, וועלכע מ'קאָן היינט נישט פעסטשטעלן זייער ריכטיקייט, האָט דער ראט אויסגעקליבן נאָך צוויי הונדערט מאן, אלס רעזערוו, אויב ס'וועט זיך פאָדערן זיי נעמען צו דער ארבעט. געווען אויך קלאנגען וועגן אונטערקויפן און דיסקרימינאציע כלפי די, וועלכע האָבן נישט געהאט די געהעריקע געלט־מיטלען צו באצאָלן.

ס"איז געקומען דער טאָג פון איבערפירן די 1000 יונגעלייט קיין לעמבערג (18.11.1942). זיי זענען געווען אונטער א שטרענגע וואך פון דער יידישער פאָליציי. נאָר אין דעם טאָג זענען ארומגעגאנגען אין יידישן פערטל א סך געסטאפאָ און שופּאָ־לייט. מ'האָט איינגעאָרדנט דעם טראנספּאָרט לויט א געוויסן סדר און אים געברענגט צו דער באן. געווען פאלן, ווען די משפחה־מיטגלידער וועלכע זענען געקומען זיך געזעגענען מיט זייערע נאענטע און דערנאָך זיך אומגע־קערט אהיים, האָט די דייטשע וואך און געסטאפאָ צו זיי געשאָסן, כלומרשט מיינענדיק, אז דאס זענען אנטלאָפענע פון דעם טראנספּאָרט. אזוי זענען פיל דערשאָסן געוואָרן אין דעם טאָג. אלע גאסן פון געטאָ זענען געווען באגאָסן מיט יידיש בלוט — אן אָנזאָג צו די געשעענישן אין דער צוקונפט.

א חוץ די 1000 יידן וואָס די געסטאפאָ האָט געפאָדערט, האָבן זיי אויך פארלאנגט א קאָנ־טריבוציע. בלית ברירה האָט דער יודענראט אויך דערצו מסכים געווען. אויסער דעם בלוט־קרבן, האָבן יידן אויך געגעבן גאָלד און זילבער, כדי זיך ראטעווען פון גרעסערע צרות. אָבער די אלע האָפענונגען זענען געווען אומזיסטע. אין א קורצער צייט איז דאָס געטאָ געשלאָסן געוואָרן און אין רעזולטאט דערפון — איז געקומען די ערשטע אקציע.

## אין פארמאכטן געטא

אָנהייב יוני 1942 איז שוין געווען זיכער, אַז דאָס געטאָ וועט פארמאכט ווערן אין די נאָענטסטע טעג, אָבער זיינע גרענצן זענען נאָך נישט באַצייכנט געוואָרן. ערשט דעם 10טן יולי איז שוין געווען באַוווּסט, אַז די געטאָ־גרענעץ וועט זיין אויף דער יאגעלאָנסקי גאַס, די גאַנצע מנישע גאַס, ד. ה. — דער גאַנצער בלאָק וועלכער איז באַגרענעצט דורך דער מנישע־גאַס וואָס גייט דאָרט אַדורך. דער טייל איז געווען פארבונדן מיטן גאַנצן געטא דורך עפּענונגען אין די הייזער־ווענט, וועלכע האָבן געפירט צום וויאַדוקט, און פון דאָרט — צו גארבאַזשע. אַז מע האָט זיך ׳וועגן דעם דערוווּסט, זענען יידן פון דער גאַנצער שטאָט געקומען צום דערמאָנטן בלאָק, ווי צו א פארזיכערונגס־פּלאַץ וואָס האָט א פענצטער צו דעם ארישן טייל פון דער שטאָט. קרובים זענען געגאַנגען צו קרובים, פריינד האָבן געבעטן זייערע פריינד זיי אויפצונעמען. אַזוי איז געשען, אַז אין א קליינעם אָרט (10 הייזער), האָבן זיך קאָנצענטרירט בערך 2000 מאַן מיט זייער ביסל האָב־און־גוטס. דעם 14־טן יולי האָבן זיך באַוויזן מעלדונגען וועגן אָפיציעלן שליסן פון געטא פון 15־טן יולי. אין די מעלדונגען איז געזאָגט געוואָרן: וועלכער ייד וועט זיך געפינען אויסערן געטאָ אָן א דערלויבעניש — וועט שווער באַשטראָפט ווערן, ביז טויט־שטראָף; יעדער נישט־ייד וואָס וועט אויסבאַהאַלטן א ייד — דערוואַרט אים טויט־שטראָף.

דעם 15.7 איז דאָס געטאָ געשלאָסן געוואָרן.

אינטערעסאַנט, אַז מיטן מאָמענט פון שליסן דאָס געטאָ, האָבן די יידן זיך געפילט מער פריי, טראָץ זייער איזאָלאַציע. און געשען איז דאָס צוליב צוויי סיבות: 1) ביז איצט זענען זיי געווען אין א פיינטלעכער סביבה. 2) ביז איצט האָט אין יעדן מאָמענט געקאָנט וועלכער סאיז דייטש (פארן שליסן פון געטא, זענען געקומען אין שטאָט פארשידענע פארברעכערישע טיפּן פון דייטשלאַנד) אריינקומען אין א יידישער שטוב און טאָן אַלץ, נעמען וואָס ער וויל. איצט איז דאָס געטאָ געווען באַגרענעצט נאָר פאר יידן. פּאָליאַקן, אוקראַינער און דייטשן האָבן נישט געטאָרט דאָרט אריינקומען.

מיטן שליסן פון געטאָ, האָבן יידן זיך אָנגעהויבן איינאָרדענען — יעדער לויט זיינע מעגלעכקייט. פריער האָט מען באַדאַרפט זאָרגן וועגן פרנסה. אַנדערע, מער פלינקערע, האָבן אויסער די אָפיציעלע געשעפטן פון יודענראַט, געעפנט קליינע געוועלבן, וואו מ׳האָט געקויפט עסנווארג און אַנדערע ארטיקלען פארן טאָג־טעגלעכן געברויך. פלייש איז נישט געווען דערלויבט פאר יידן (פאר עסן פלייש — טויט־שטראָף!). אַלע שפּייז־ארטיקלען זענען געקומען פון יודענ־ראַט, פון די דייטשע אויסטיילונגען פארן געטא און פון דעם אריינשמוגלען פון ארישן טייל. א וויכטיקער קוואַל פון פרנסה איז פאר פיל באַלעבאָסטעס געווען דאָס באַקן פארשידענע קיכלעך, אויף וועלכע ס׳איז געווען א גרויסע נאָכפראַגע אין די געשעפטן. ווייל פאר פיל איז דאָס געווען די איינציקע שפּייז. ס׳איז געווען איינגעפירט, אַז דער יודענראַט האָט יעדן באַדערפטיקן געגעבן צוויי מאָל אין טאָג א זופּ און קאַפע.

וועגן רעליגיעזן לעבן: ס׳איז געבליבן בלויז א קליינע שול אויף דער מנישע־גאַס, וווּ ס׳זענען זיך צונויפגעקומען די וועלכע וווינען אין בלאָק־מנישע פון געטאָ. אויסער דעם זענען אין עטלעכע ערטער אין גארבאַזשע, באַזונדערס אויף דער טשארנעצקא, געעפנט געוואָרן „קלייזלעך״, אָבער דאָרט האָט מען זיך געזאַמלט מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. דאָס געזעלשאַפט־לעכע און קולטורעלע לעבן האָט זיך אויסגעדריקט אין שפּאַצירן אין די גאַסן, ווייל דאָרט האָט מען זיך דערוווּסט ידיעות פון דער שטאָט און וועגן דער וועלט בכלל (ס׳איז געווען א געהיימער ראַדיאָ).

נאָך א וואָך רו אין פארמאכטן געטא, האָבן אָנגעהויבן ארומגיין קלאַנגען וועגן אן אקציע

וואָס דאַרף קומען אין דער נאָענסטער צוקונפט און וועגן דער נויטיקייט זיך צו פאַרשרייבן אויף אַרבעט צו די דייטשן, ווי „באַו־דינסט", „ווערמאַכט", „חייזער" א.א.וו. אַזוי ווי דער אָנבאָט איז געווען אַ גרעסערער ווי די פאַראַנענע אַרבעטס־פּלעצער, איז דאָס אָננעמען צו דער אַרבעט געווען פאַרבונדן מיט אונטערקויפן און פּראָטעקציע.

דעם 26.7.42, האָט די געסטאַפּאָ געמאָלדן דעם יודענראַט, אַז דעם 27.7 וועט זיין אַן אַקציע, וועלכע וועט אַרומנעמען דעם רוב געטאָ־איינוווינער. די וועלכע אַרבעטן ביי נייטיקע אַרבעט און די וועלכע וועלן באַקומען דעם סטעמפּל פון געסטאַפּאָ אויף זייערע אַרבעטס־קאַרטן, וועלן נישט אַרויסגעטריבן ווערן. די שפּאַנונג איז געוואַקסן ביז צום קולמינאַציאָנס־פּונקט, מען האָט נאָך בכלל נישט געוווּסט וואָס מיינט אַן אַקציע, הגם מע האָט שוין געפּילט דעם טעם בעת דעם פאַרשיקן די טויזנט יוגנטלעכע קיין לעמבערג. יעדער האָט זיך באַמיט צו געפינען דורך פאַרשידענע וועגן אַ פּאַסיקן אַרבעטס־פּלאַץ.

דעם 24 יולי האָט דער יודענראַט אויפגעזאַמלט אַלע אַרבעטס־קאַרטן און זיי איבערגעגעבן די געסטאַפּאָ. דעם 26.7 האָט מען צוריק באַקומען אַ טייל קאַרטן, געשטעמפּלטע פון דער געסטאַפּאָ. נאָך מיטאָג, אין זעלבן טאָג, האָבן אַ סך יידן זיך פאַרזאַמלט ביים יודענראַט, וואַרטנדיק אויף דעם גזר־דין. ווער ס'איז דאָרט נישט געווען, קאָן זיך נישט פאָרשטעלן די אויפּציטערנדיקע בילדער, די געשרייען און געוואַלדן ביזן הימל, חלשות, אָנפאַלן אויף יודענראַט־אָנגעשטעלטע. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ד"ר דולדיק האָט געברענגט נאָר 5000 געסטעמפּלטע אַרבעטס־קאַרטן — אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט אַרויסנעמען פון דער געסטאַפּאָ. אַזוי ווי אין געטאָ זענען געווען 22.000 יידן (17.000 וועלכע האָבן זיך געפונען ביים אַריינמאַרש פון די דייטשן און 5000 פון דער אומגעגנט, ווי: בערטשי, קשיוושט, ניזשאַנקאָוויץ, דינאָוו א.אנ.) — זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום גירוש 17.000 יידן.

נאָך ביים צעטיילן די סטעמפּלען, איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און שופּאָ, באַוואָפנט ווי אין מלחמה־צייט. ס'איז שוין נישט געווען דערלויבט אַריינצוגיין אָדער אַרויסגיין פון געטאָ. די נאַכט איז געווען אַ „וואַך־נאַכט". קיינער איז נישט געשלאָפן. פון אַלע גרענעצן פון געטאָ האָבן זיך געהערט שיסערייען. פון צייט צו צייט, האָבן פון דער שטילקייט אין געטאָ זיך אַרויסגעריסן געוויינען פון קינדער און עלטערע. אַ גאַנצע נאַכט איז די יידישע פּאָליציי געגאַנגען פון הויז צו הויז און צוגעגרייט די באַשטימטע פאַרן גירוש און זיי אַוועקגעפירט אויפן פּלאַץ. געווען פאַלן, ווען זין, וועלכע זענען געווען יידישע פּאָליציאַנטן, האָבן מיט כוח אַוועקגענומען זייערע טאַטע־מאַמע צום גירוש...

## די אויסזידלונגען

גאַנץ פרי האָט מען דערזען אויף די ווענט פון געטאָ מעלדונגען, וועלכע האָבן געלויטעט:

1) היינט הייבט זיך אָן אין פּשעמישל די יודען־אויסזידלונג.

2) עס קומען נישט אין באַטראַכט צום גירוש: א) די וועלכע זייערע אַרבעטס־קאַרטן זענען באַצייכנט מיטן סטעמפּל פון געסטאַפּאָ. ב) דער יודענראַט און זיינע אָנגעשטעלטע. ג) דאָס שפּיטאָל און זיינע מענטשן, וועלכע זענען דאָרט דערווייל פאַרבליבן.

3) ווער ס'וועט זיך דערווייטערן פון גירוש, וועט דערשאָסן ווערן.

4) ווער ס'וועט העלפן יידן זיך דערווייטערן פון גירוש, וועט געשאָסן ווערן.

5) היינט 7 פרי פאַרזאַמלען זיך אַלע יידן פון בלאָק מנישע און פון געטאָ, ביז טשאַרנעצקיעגאָ, קאָפּערניק — ביים פּלאַץ איוואַשקיעוויטשאַ, און פון דאָרט וועלן זיי אָפּגעפירט ווערן צו דער באַן.

6) די אָפּפאָרנדע איז דערלויבט מיטצונעמען מיט זיך א פּעקל, וואָס זיין וואָג איז נישט מער ווי 10 קילאָ.

נישט געקוקט אויף די דערוואַרטעטע שטראָפן, האָבן זיך פיל אויסבאהאלטן און נישט צוגעשטעלט צום אויסזידלונגס־פּלאַץ. אָבער דער גרעסטער טייל, גאַנצע משפחות, אַלט און יונג, זענען ארויסגעגאנגען אין זייערע בעסטע קליידער, ווי אין יום־טוב, מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, איינגעוויקלט אין ווייסע ליילעכער. דערשלאָגענע — אָבער מיט דער האָפענונג, אַז דאָס איז בלויז א רייזע צום ארבעטס־פּלאַץ אויפן מזרח.

פון איין זייט האָט די מערהייט מענטשן זיך פארזאמלט ביים אויסזידלונגס־פּלאַץ. אויף דער אנדערער זייט זענען גענומען געוואָרן אינוואַלידן, אַלטע לייט און קראַנקע. די וועלכע האָבן נישט געקענט גיין, זענען געפירט געוואָרן מיט וועגעלעך צום קליינעם פּלאַץ אין געטאָ — און דאָרט דערשאָסן געוואָרן. צווישן זיי זענען געווען: הער לאוב, ד״ר גראַבשייד, דער עלטסטער דאָקטאָר, וועלכן זיי האָבן געוואָלט פירן צו דעם פּלאַץ. וויסנדיק וואָס אים דערוואַרט דאָרט, האָט ער פּראָטעסטירט און זיי געמאָלדן, אַז ער איז נאָך פעיק צו דער ארבעט און וויל מיט אַלע פאָרן אין טראַנספּאָרט קיין מזרח. האָבן זיי אים געפירט צוזאַמען מיט די אנדערע אין לאַסט־וואָגנס קיין גראַביצא — און דאָרט האָט מען אים דערמאָרדעט.

געווען דאָרט אויך א קראַנקע פרוי מיט איר טעכטערל אויף די הענט. זי איז דערשאָסן געוואָרן און דאָס קינד האָט א געסטאַפּאָ־מאַן דערמאָרדעט, אָננעמענדיק דאָס קינד ביים פוס און דאָס קעפּל צעשמעטערט אָן דער וואַנט.

אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד: דעם זעלבן טאָג, אין דער פרי, גלייך ביים אָנהייב פון דער אַקציע, איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז די באַציונגען צווישן דער געסטאַפּאָ און דער ווערמאַכט זענען נישט געווען פון די בעסטע. ווען די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון דער שטאָט געפאָדערט, אַז די יידן וועלכע האָבן געאַרבעט ביי דער ווערמאַכט, זאָלן נישט ארויסגעפירט ווערן, אָפּגעזען דערפון, וואָס זיי האָבן נישט באַקומען דעם סטעמפּל פון דער געסטאַפּאָ. די געסטאַפּאָ האָט נישט מסכים געווען מיט דער פאָדערונג. האָט די ווערמאַכט פארכאַפּט די בריקן, וואָס פארבינדן ביידע טיילן פון שטאָט און נישט דערלויבט דער געסטאַפּאָ אַדורכגיין, געדראָט אַפילו ניט דערלאָזן דעם טראַנספּאָרט אָפּפאָרן מיט דער באַן. ערשט נאָכן טעלעפאָנירן קיין קראָקע, האָט די געסטאַפּאָ מסכים געווען.

אין גאַנג פון דער אַקציע, דעם זעלבן טאָג, איז גערופן געוואָרן צו דער געסטאַפּאָ דער פּרעזעס פון יודענראַט ד״ר דולדיק און זיין געהילף הער רעכטער. מע האָט זיי דאָרט דערמאָרדעט און באַגראָבן אויף אַן אומבאַקאַנטן אָרט. דערנאָך האָט די געסטאַפּאָ ארויסגענומען זייערע משפחות צום אויסזידלונגס־פּלאַץ. נאָכן אַוועקשיקן דעם ערשטן טראַנספּאָרט צו דער באַן, האָט מען זיי דאָרט דערשאָסן פאַר אַלעמען אין די אויגן.

נישט געקוקט אויף די וואָרענונגען און שטראָפן וואָס האָבן דערוואַרט די אַנטרונענע, זענען געווען א סך פאַלן פון אַנטלויפן אויך פון אויסזידלונגס־פּלאַץ גופא. די וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין נישט קיין זיכערע ערטער און אַנטדעקט געוואָרן דורך די דייטשן — זענען דערשאָסן געוואָרן. אַזוי האָט מען געקענט זען אויף טריט און שריט קערפּערס פון פרויען, מענער און קינדער. נאָכמיטאָג, נאָכן אָפּפאָרן פון דער ערשטער באַן, זענען די פארבליבענע יידן אויפגעפאָדערט געוואָרן צונויפצוזאַמלען אַלע מתים, „מאַכן אָרדענונג״, זיי איבערפירן אויפן בית־הקברות. מ׳האָט געקענט זען וועגענער, געלאָדן מיט קערפּערס, פון וועלכע דאָס בלוט איז נאָך געריננען...

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ערשטער טאָג פון דער ערשטער אַקציע. יענעם טאָג זענען אַוועקגעפירט געוואָרן בערך 7000 יידן.



די ערשטע רייען מצבות אויפן פשעמישלער בית־הקברות
השורות הראשונות של המצבות בבית הקברות בפשמישל
The first rows of tombs at the Jewish cemetery in Przemyśl

ווי דערמאָנט, זענען געווען מענטשן וואָס האָבן נאָך אַלץ געגלייבט, אַז זיי וועלן טאַקע איבערגעפירט אויף אַ צווייט אָרט. כדי אונטערצושטרייכן, ווי אַזוי די יידן האָבן ניט געגלייבט אַז ס׳איז מעגלעך אַזאַ שחיטה — איז געווען דער ביישפּיל: זעקס וואָכן נאָך דער ערשטער אַקציע, איז געקומען אַ פּוילישער באַן־אַרבעטער און איבערגעגעבן, אַז אין בעלזשעץ־פאַרניכטעט מען די יידן מיט עלעקטריע אין אַ כלומרשט באָד. די יידן האָבן נישט געגלויבט און געזאָגט, אַז דאָס זענען אַלץ אויסטראַכטענישן, כדי זיי אָפּצושרעקן.

נאָך 3 טעג פאַרהעלטניסמעסיקע רו, האָט מען זיך געגרייט צו דער צווייטער אַקציע. יעדער האָט זיך בעראַטן מיט זיינע קרובים און פריינד, וואָס מיטנעמען אויפן וועג. אַזוי, למשל, האָט ד״ר העגער געפרעגט צי נעמען מער ווי צוויי איינשפּריצער און אַ וואָסערע איינשפּריצונגען, ווייל דאָרט, אויפן מזרח, איז זיכער גאָר נישטאָ. דער אַלטער דאָקטאָר בלעך האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי זיינע פריינד, צי מיטנעמען מער ווי צוויי פּאָר שיך, וויפל העמדער? יעדער האָט זיך באַצויגן צו דער רייזע מיט דער פולער ערנסטקייט...

נאָכן ענדיקן אָפּשיקן דעם ערשטן טראַנספּאָרט, האָט די געסטאַפּאָ באַפוילן, אַז דער גאַנצער מנישע־בלאָק און דער טייל פון קאָפּערניקאַ (פון געטאָ), זאָל במשך פון אַ שעה ווערן פריי. פון דעם בלאָק האָבן די דערשראָקענע מענטשן באַוויזן אַרויסצונעמען נאָר דאָס וואָס ס׳איז מעגלעך צו שלעפּן מיט זיך, און בלויז קליינע זאַכן, ווייל דער דורכגאַנג פון די הייזער צום וויאַדוקט, האָט געפירט נאָר דורך קליינע דורכבראָכן אין די ווענט. אויף אַזאַ אופן האָט מען דורכגעשמוגלט אַלע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם טייל געטאָ, איבערלאָזנדיק

אלע זייערע חפצים וואָס זענען דערנאָך צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן. דאָס רייניקן די פאַרלאָזטע הייזער איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף די געבליבענע יידן.

אינטערעסאנט, אז ביי די הייזער וואָס זענען אויסגעליידיקט געוואָרן, האָבן זיך פארזאמלט פאַליאַקן פון די נידעריקע שיכטן, ווארטנדיק אויף רויב. אָבער די דייטשן האָבן זיי דאָס נישט דערלויבט. געווען פאלן פון שיסערייען צו די, וועלכע האָבן זיך ארייַנגעריסן אין די הייזער.

דער המשך פון דער ערשטער אקציע איז געווען דעם 31־טן יולי 1942. די יידן פון די גאסן טשארניעצקיעגאָ, קאָפּערניקא און דערבייאיקע גאסן, זענען גערופן געוואָרן אויף 2 א זייגער באטאָג צום אויסזידלונגס־פּלאַץ.

ס׳איז באוווּסט, אז דעם 27.7 זענען נישט געווען קיין אנטלויפנדיקע און די דייטשן האָבן יענעם טאָג נישט געזוכט קיין אויסבאהאלטענע. די יידן זענען געווען פּינקטלעכע, זיי זענען געקומען צו דער צייט צום פּלאַץ — 3000 מענטשן. דערנאָך זענען ווידער אוועק דריי שטילע טעג. דעם 3.8.42, איז געווען די לעצטע טעטיקייט פון דער ערשטער אקציע — אלע יידן וועלכע זענען געבליבן מיט אָדער אָן סטעמפּלען אויף זייערע קארטן, האָבן באדארפט זיך צונויפזאמלען ביים פּלאַץ פון יודענראט 7 פרי, האלטן ביי זיך די ארבעטס־קארטע און ווארטן ביז צום קומען פון דער געסטאַפּאָ. די יידן האָבן זיך צוגעשטעלט און געווארט ביז ס׳איז געקומען די אָנפירונג פון דער געסטאַפּאָ, מיטן עלטסטן שערנער פון קראקע. זיי האָבן ביי די פארזאמלטע יידן קאָנטראָלירט די ארבעטס־קארטן, בעת אין דער זעלבער צייט האָבן אנדערע געסטאַפּאָ־לייט און ס.ס. געזוכט אין די הייזער און אין יעדן ווינקל, צי ס׳האָט זיך ווער אויסבאהאלטן. זיי האָבן געפונען עטלעכע מענטשן, קראנקע, וועלכע האָבן אפילו געהאט ביי זיך קארטן מיט סטעמפּלען. די וועלכע האָבן נישט געהאט די סטעמפּלען, זענען גלייך געשיקט געוואָרן צום אויסזידלונגס־פּלאַץ, נאָכן געבן זיי שטארקע קלעפּ. נאָך דער אויספאָרשונג, איז די מענטשן דערלויבט געוואָרן זיך אומצוקערן אהיים. די, וועלכע האָבן נישט געהאט די סטעמפּלען און אויך די באאמטע פון יודענראט, וואָס זייער צאָל איז פארקלענערט געוואָרן, האָבן 3 נאָכמיטאָג זיך באדארפט פארזאמלען ביים אויס־זידלונגס־פּלאַץ.

אלע זענען געקומען, לויטן באפעל, פארשטייט זיך. דער רענטגענאָלאָג ד״ר רינדע מיט זיין פרוי און טאָכטער זענען דאָרט געווען אונטער א ספּעציעלער וואך, ווייל ס׳איז געווען קעגן אים אן אָנקלאגע פון א פאָלקסדויטש, אז ער האָט באהאנדלט ארישע קראנקע. געווען אויך דאָרט דער אלטער דאָקטאָר האס, קערנער, ראָזנפעלד. ד״ר שאטנער, ד״ר אויבערהארד, ד״ר גוטדאנק זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו בלייבן אלס דעזינפעקציע־אָנגעשטעלטע ביים ד״ר ווילטשער, לייטער פון געזונטהייטס־אָפּטיילונג ביים יודענראט. די געסטאַפּאָ האָט זיך נישט קענג־געשטעלט און מע האָט זיי דערלויבט זיך אומקערן אהיים. געווען אויך א פאל, אז זאלצבערג איז ארויסגענומען געוואָרן פון דער באן און מע האָט אים דערלויבט גיין אהיים.

אזוי האָט זיך פארענדיקט די ערשטע אקציע: אין ערשטן טאָג זענען אוועקגעפירט געוואָרן 6500 מאן, דעם אנדערן טאָג — 3000, דעם דריטן — אויך בערך 3000. צוזאמען — 12.500 מאן.

א טאָג נאָכן ענדיקן זיך פון דער אקציע, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט געפאָדערט א באדייטנדיקע סומע געלט פארן איבערפירן די יידן (באַן, צוגרייטונגען אין וועג פאר די אוועקגעשיקטע אדג״ל). חוץ דעם — אן אָפּצאָל פאר שטעכל־דראָט פארן פארקלענערטן געטאָ־שטח.

ביים צוגרייטן דעם דריטן טראנספּאָרט פון דער ערשטער אקציע, זענען געקומען עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט און ס.ס. אין שפּיטאָל, ארויסגענומען די קראנקע אין דרויסן און זיי אלעמען ליקווידירט דורך דערשיסן. קראנקע וועלכע האָבן געקאָנט ארומגיין און די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע,

האָט מען אוועקגעשיקט צום אויסזידלונגס־פּלאַץ. אין דער צייט פון דער אקציע (פון 27.7 ביז 3.8.42), זענען געווען א סך פאלן פון זעלבסטמאָרדן. די משפחות פון די דאָקטוירים רינדע און זיין פרוי, זענען געווען די ערשטע. דערנאָך — פיל אנדערע.

נאָך דער ערשטער אקציע האָבן א סך מענטשן געוואָרט אויף א סימן פון לעבן פון די אוועקגעשיקטע. און ס'זענען טאקע געקומען עטלעכע פּאָסט־קאַרטלן, בלויזע גרוסן, אז אלץ איז אין אָרדענונג. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אז די פּאָסט־קאַרטלען זענען דורך דער געסטאַפּאָ געגעבן געוואָרן אויפן וועג די ארויסגעשיקטע און זיי האָבן געמוזט שרייבן וואָס מ'האָט געהייסן.

פּאַמעלעך האָט מען זיך בארואיקט, די קאָנטריבוציע באַצאָלט. נישט געווען מער קיין פּאָדערונגען פון דער געסטאַפּאָ צו די יידן. מ'האָט אָבער געפילט א שטילקייט פאר א שטורעם. יידן האָבן זיך צוריק איינגעאָרדנט אין זייערע נייע ערטער, ווי פאר דער אקציע, געעפנט די געשעפטן וואָס זענען געווען געשלאָסן, די שולן, קלייזלעך. 6 וואָכן נאָך דער אקציע, האָט די געסטאַפּאָ געמאָלדן, אז זי איז גרייט מוחל־זיין די וועלכע האָבן זיך ביז איצט ארויסגעדרייט, מע וועט זיי געבן סטעמפּלען, כדי זיי זאָלן זיך איינאָרדענען „לעגאַל" אין געטא. א סך האָבן זיי געגלייבט און גענומען די סטעמפּלען. אָבער אָנשטאָט דעם קיילעכיקן סטעמפּל, האָבן זיי באקומען אן עליפּטישן סטעמפּל אויף זייער קאַרטע. איצט איז מען געווען גליקלעך, זיי וועלן שוין קענען לעבן לעגאַל אין געטאָ.

אין עטלעכע טעג ארום האָט די געסטאַפּאָ געמאָלדן דורכן יודענראַט, אז די אייגנטימער פון די נייע סטעמפּעלעך זאָלן קומען נאָך ארבעט, אויף א געוויסן פּלאַץ פון געטאָ. זענען אלע געקומען — — — און די געסטאַפּאָ האָט זיי ארייַנגעזעצט אין וואַגאָנען. ווי מענטשן האָבן שפּעטער דערציילט, האָט מען יענע 100 יידן אוועקגעפירט אויפן בית־הקברות און זיי דערשאָסן.

אין דער צייט זענען ליקווידירט געוואָרן אלע משומדים פון שטאָט, דורך א פּלוצומדיקער אָבלאַווע, וואָס האָט געדויערט א קורצע צייט. מען האָט אלע פאַרהאַלטן און אוועקגעפירט דווקא צום יידישן בית־הקברות און דאָרט זיי דערמאָרדעט, אין קעגנזאַץ צו די פאַרזיכערונגען וואָס די דייטשן האָבן געגעבן דעם פּוילישן בישאָף.

## די צווייטע אקציע

א חודש פאר דער צווייטער אקציע, אין דער העלפט אָקטאָבער, האָט מען שוין געוווּסט, אז די טראַנספּאָרטן פון דער ערשטער אקציע — זענען פאַרניכטעט געוואָרן. האָבן די יידן אין געטאָ אָנגעהויבן מיט דער גאַנצער ענערגיע גרייטן כמעט אין יעדן הויז א בונקער, אן אונטער־ערדישע באהעלטעניש, וועלכע מ'האָט באזאָרגט מיט אלע נייטיקע מיטלען, וואַסער, שפּייז, אדג"ל. מ'האָט שוין גערעדט וועגן דער אקציע וואָס דאַרף פּאַרקומען. דער יודענראַט האָט געלייקנט די ידיעות, רעקאָמענדירט צו פאַרשרייבן זיך אין „ווערקשטעטע", וואָס וועט אין קורצן געעפנט ווערן. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אויסלייז־געלט, וואָס ס'האָט באדאַרפט באקומען דער לייטער פון דער דייטשער אינסטיטוציע — פאָרסטער.

ביז דעם 16־טן נאָוועמבער 1942, האָט מען נישט געוווּסט וועגן דער נייער אקציע. ווי מיר האָבן דערמאָנט, האָט אפילו דער יודענראַט דאָס אָפּגעלייקנט. דעם 17־טן נאָוועמבער איז שוין געווען באוווּסט, אז ס'וועט זיין אן אקציע. דעם טאָג אין אָוונט, איז דאָס געטאָ ארומגערינגלט געוואָרן דורך געסטאַפּאָ און שופּאָ.

מיט דער אקציע האָט מען געוואָלט ליקווידירן דאָס גאַנצע געטאָ. געווען דעמאָלט בערך 9.500 יידן, און איבערלאָזן האָט מען געזאָלט נאָר די, וועלכע ארבעטן אויף וויכטיקע פּלעצער, ווי :

ווערקשטעטע, ווערמאכט, רייזער, א.א. צוזאמען — 1.500 מאן. אָבער די יידן האָבן איצט צונישט געמאכט דעם דייטשן חשבון.

ביים אָנהייב פון דער אקציע דעם 18.11.42, פארטאָג, זענען אלע ארבעטער, לויטן באפעל פון דער געסטאפּאָ, קאָנצענטרירט געוואָרן אין די קאזארמעס אויף טשארניעצקיעגא. נאָך 8 פרי איז נישט דערלויבט געווען פון דאָרט ארויסגיין און אריינקומען. די דייטשן מיט דער יידישער פּאָליציי זענען געגאנגען איבער די וווינונגען אין געטאָ און ארויסגענומען די יידן צום אויס־זידלונגס־פּלאץ. ס׳איז געווען א טונקעלער, קאלטער טאָג, מיט א געמיש פון שניי און רעגן, א שווער געמיט איז געווען ביי די וואָס מ׳האָט אוועקגעפירט צו דער שחיטה. פיל האָבן געפּרווט אנטלויפן פון וועג, אויך פון פּלאץ — אָבער דעם רוב האָט מען דערהרגעט (צווישן זיי — ד״ר בלאָך, א יונגער אדוואָקאט). דעם טאָג איז געווען א סך קרבנות, אויך די אנטדעקטע אין די בונקערס.

ביים סוף פון דער אקציע, איז דורך די דייטשן אויך ליקווידירט געוואָרן דער בית־יתומים מיט 80 פארבליבענע קינדער פון דער ערשטער אקציע. בכלל איז ביי דער אקציע געווען א גרויסע „נאָכפראגע״ אויף קינדער. מע האָט אפילו גענומען דעם איינציקן זון פון ד״ר רעבהאן, דעם ראש פון יודענראט.

אין דעם טאָג האָט מען קאָנצענטרירט אויפן אויסזידלונגס־פּלאץ 3500 יידן, אזוי אז ס׳האָבן געפעלט די 4,500, וועלכע די דייטשן האָבן שוין פארכאפּט.

בעתן ווארטן פון די מענטשן, האָט מען געמאָלדן וועגן אן אפּעל פ:ן די פארזאמלטע אין די קאזארמעס. אז אלע זענען געווען אויסגעשטעלט, איז געקומען דער געסטאפּאָ־שעף בענעוויץ, אויך „געסט״ פון קראקע און אויסגעלייענט פון א ליסטע נעמען פון די פארזאמלטע. די אויס־געלייענטע זענען פארבליבן אויפ׳ן אָרט, די איבעריקע זענען אָן צערעמאָניעס אוועקגעפירט געוואָרן צום גירוש־פּלאץ (צווישן זיי — אויך ד״ר סטאפ מיט זיין פרוי און אנדערע). דערנאָך איז באוווסט געוואָרן, אז ווער ס׳האָט הארט פאר דער אקציע זיך פארשריבן צו דער ארבעט, איז נישט געוואָרן אָנגענומען און זיין גורל איז געווען א געחתמעטער.

לויטן חשבון, האָבן נאָך באדארפט זיין אין געטאָ ביי א 4,500 יידן, וועלכע זענען נישט געווען איינגעשלאָסן אין דער צאָל פון די ארבעטער. האָבן די דייטשן באשלאָסן צוויי טאָג נאָך דער אקציע, צו שאפן א נייעם געטאָ פון די פארבליבענע אין די בונקערס. האָבן די יידן נישט געוואָלט פארלאָזן די בונקערס, וויסנדיק שוין די כוונות פון די דייטשן און זייערע צוזאָגן מיט די „ערנווערטער״. אזוי איז פאריבער א וואָך, ביז די מענטשן פון יודענראט, וואָס מ׳האָט זיך געקאָנט פארלאָזן אויף זייער אָרנטלעכקייט, האָבן באשלאָסן, אז מע קאָן שוין ארויסגיין פון די בונקערס.

## געטא א׳ און געטא ב׳

נאָך דער צווייטער אקציע איז דאָס געטאָ צעטיילט געוואָרן אויף צוויי טיילן: געטא א׳ און געטא ב׳. דער ערשטער טייל — פאר ארבעטער, דער צווייטער טייל — פאר נישט ארבעטער. א קאָנטאקט צווישןביידע טיילן איז געווען שטרענג פארבאָטן.

פארן געטא א׳, וואָס האָט געדארפט זיין א צוואנגס־לאגער, איז געווען באשטימט דער טייל ארום דעם פּלאץ איוואשקעוויטשא. פארן געטא ב׳ — דער פאָדערשטער טייל פון פריערדיקן געטאָ. אין געטאָ א׳ איז געווען בערך 800 מאן, אין געטא ב׳ — 4000. די צאָל האָט זיך געענדערט, ווייל פון פארשידענע ערטער האָבן יידן געצויגן אין דעם געטאָ, ווי א מער זיכער אָרט.

ביז אָנהייב פעברואר 1943, איז די צעטיילונג פון דעם געטאָ געווען נישט אָפיציעל. מיטן אָנקומען פון ס.ס.־אָפיציר שוואמבערגער, האָט דער לאגער אָנגענומען זיין אָפיציעלע פאָרעם.

שוואמבערגער איז געקומען פון ראָזוואַדאָוו, נאָכן ליקווידירן דאָרט דאָס געטאָ, צוזאמען מיט עטלעכע געבליבענע יידן פון ראָזוואַדאָווער געטאָ: יאָנאס, וואסערמאן א. א. אויך פון אונדזער געטאָ זענען פאר אים גרייט געווען העלפערס — די יידן טייך און דאווידאָוויטש.

שוואמבערגער, מיט דער הילף פון זיינע יועצים, האָט אָנגעהויבן איינשטעלן די ארבעט אין צוואנגס־לאגער, אוועקשטעלן די ווארשטאטן. מע האָט געעפנט אָפטיילונגען פאר נייען, אויסארבייטונג פון שפילווארג, איבערקלייב פון די מלבושים, פארבליבענע נאָך די קדושים. פון דער דריטער אָפטיילונג איז געקומען דער רוישטאָף, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געניי־טיקט די אנדערע צוויי אָפטיילונגען. דערנאָך האָט מען געעפנט א מעכאנישן ווארשטאט צו ריי־ניקן פעדערן.

6 פרי האָט מען געמוזט זיין ביי דער ארבעט. איבער יעדער אָפטיילונג זענען געווען אויפזעער פון דער יידישער פּאָליציי און פון די ארבעטער, פאראנטוואָרטלעכע פאר שוואמ־בערגערן בנוגע דעם טעמפּאָ און פּראָדוקטיוויקייט. אַן ארבעטס־שיכט האָט געדויערט 12 — 14 שעה. יעדער פארשפּעטיקטער, אָדער דער וואָס איז בכלל נישט געקומען, האָט אים דערווארט א שווערע שטראָף, ווי איבערגיין אין געטאָ ב׳, אויסער קלעפּ...

אויף דעם אָרט איז כדאי צו באמערקן, אז די אויפפירונג פון די אויפזעער איז געווען א מענטשלעכע, אויסער דעם פאל פון פּאָליציאַנט לארסען — א שלעכטער מענטש און א סאדיסט. ער איז געווען גליקלעך אָנווייזן אויף עמעצן מיט א מסירה. אלע אנדערע אויפזעער האָבן זיך באמיט צו העלפן די ארבעטער און נישט איינמאָל איינגעשטעלט זייער לעבן.

איןביידע געטאָס זענען געווען 1000 ארבעטער, אויסער א 300 „נישט־כשרע" (קינדער, עלטערע און קראנקע). אין געטאָ ב׳ האָבן אויך געארבעט א 200—300 מאן, וועלכע זענען געווען באשעפטיקט אין „רייזער", „באודינסט" און ביי א 100 מאן אין דער „ווערמאכט", קאָנצענטרירטע אין קאזארמעס. געטאָ א׳ איז א גאנצן טאָג געווען ליידיק, ווייל אלע האָבן געארבעט. אין אָוונט האָט מען געזען די מענטשן ארומגיין אין דרויסן.

טיילמאָל איז שוואמבערגער געקומען אויף א באזוך אין די ווארשטאטן. נאָר אלץ איז געווען אין אָרדענונג, ווייל די יידישע פּאָליציי האָט געהאט גוטע אויסקוק־פּונקטן און שטענדיק געמאָלדן אין דער ריכטיקער צייט וועגן זיין קומען מיט ספּעציעלע סימנים. דעמאלט זענען אלע געווען אויפן אָרט, די ארבעט איז געגאנגען אין אָרדענונג. שוואמבערגער פלעגט אָבער אויך אָנקומען אומגעריכט, פון א אומדערוואַרטעטער זייט. די וואָס זענען געכאפּט געוואָרן ביים נישט ארבעטן, זענען שווער באשטראָפט געוואָרן: מיט איבערפירן אין געטאָ ב׳, אויך פיזישע שטראָף, קלעפּ, תפיסה א.א.וו.

אין מאי 1943 האָט שוואמבערגער באפוילן די יידן אין דעם לאגער צו שאפן אַן אָרקעסטער. אזוי ווי אין געטאָ א׳ איז נישט געווען צווישן די ארבעטער קיין קלעזמער, צי מוזיקער, האָט פּראָפעסאָר זילבער, וועלכער האט באדארפט אָרגאניזירן דעם אָרקעסטער, ארויסגענומען פון געטאָ ב׳ די יידן, וועלכע קענען שפּילן. נאָך צוויי וואָכן איז דער אָרקעסטער אויפגעטרעטן עפנטלעך אויף איינעם פון די באלקאָנען, געווענדעט צו דער איוואשקעוויטשא גאס. שוואמבערגער, זיין פרוי און נאָך דייטשן, האָבן בייגעוווינט דעם ערשטן אויפטריט, ווו מ׳האָט געשפּילט ווינער וואלסן און אנדערע מוזיק. פארשטענדלעך, אז דאָס האָט נישט געשטערט שוואמבערגערן א טאָג נאָך דעם ערשטן אויפטריט, זאָל ער אליין דערמאָרדן צוויי מענטשן, וועלכע זענען געשטאנען ביים שטעכל־דראָט, ווילנדיק עפּעס קויפן ביי פּאָליאקן. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט 3 מאָל אין וואָך. געווען א מין „מוזיק־פּלאַץ" פאר די ארבעטער, וועלכע האָבן זיך פארזאמלט לויט א באפעל פון פארויס, נעבן אָרט פון „קאָנצערט".

צווישן „קאָנצערט", שיסערייען און ארבעט — זענען פאריבער די טעג, אָן א פונק פון

האָפענונג. אלע האָבן געפילט, אז די קאָנצערטן זענען א מאַנעוור צום פאַרפירן, א שלאָף־מיטל צום פאַרנארן...

אזוי האָט זיך געפירט דאָס לעבן אין געטאָ א׳ און ב׳. פון איין געשעעניש ביז דער צווייטער, האָט מען רעלאַטיוו געלעבט רואיק. געווען פאַלן, אז מע האָט פון אנדערע לאַגערן געפאָדערט ארבעטער־פאַכמענער.

דאָס אריינקומען פון אן אויטאָ אָדער וועגענער אין געטאָ, איז געווען — א שלעכטער סימן. יעדער גערויש פון אן אויטאָ אין מיטן נאכט — האָט דערוועקט פחד. מ׳איז אנטלאָפן אין בונקער, וואָס איז געווען צוגעגרייט פון פריער. ווען ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די בהלה איז געווען אן אומזיסטע — האָט מען זיך בארואיקט.

## ווידערשטאנד

אין דער העלפט אפריל 1943, האָט אונטער דער אָנפירונג פון ברונעק, קאַסטנער און גרין, זיך אָרגאַניזירט א גרופּע יונגעלייט, פול מיט מוט און ווילן צו טעטיקייט, כדי ארויס פון געטאָ, אין די וועלדער ארום פשעמישל, ווו ס׳האָבן זיך געפונען פּאַרטיזאַנער. די יוגנטלעכע זענען געווען זיכער, אז מע וועט זייער הילף אָננעמען און זיי וועלן זיך אריינפלעכטן אין לעבן פון די פּאַרטיזאַנער. פאַרן אוועקגיין, האָבן זיי באַקומען הילף פון אלע געטאָ־איינוווינער, אויסער דעם יודענראַט, וואָס האָט דערפון נישט געוווּסט.

צום גרויסן צער פון אלע יידן, האָט מען זיך דערוווּסט, אז די גאַנצע גרופּע, וועלכע האָט געציילט 12 מאַן, איז דורך די אוקראַאינער דערמאָרדעט געוואָרן אין דער סביבה פון פשעמישל, אויסער גרין, וואָס איז צוריק געקומען אין געטאָ, גראָד אין טאָג פון אָנפאַל אויפן געסטאַפּאָ־מאַן רייזנער. וועגן דער געשעעניש דערציילן פאַרשידענע עדות, וואָס האָבן געהערט אָדער געזען — אָבער פון די אלע עדות באַקומט זיך אַזאַ בילד:

דעם 10.5.43, אין אָוונט, האָט רייזנער, וועלכער איז געווען שכור, אדורכגעגאַנגען די שטעכל־דראָט, אוודאי צו א יידיש מיידל וואָס ער האָט געקענט. אויפן וועג האָט ער באַגעגנט א יידישן בחור, מאיר קרעבס, מיט א מיידל און נאָך א בחור. דער געסטאַפּאָוויעץ רייזנער, באַקאַנט אלס איינער פון די אכזריות׳דיקע דייטשן, האָט דערזעענדיק קרעבסן, ארויסגעצויגן דעם רעוואָל־ווער, באַפוילן אים אויפהייבן די הענט און זיך אויסדרייען. קרעבס, זעענדיק אז ער איז אין א סכנה, האָט מאָמענטאַל ארויסגעכאַפּט א מעסער און עטלעכע מאָל געשטאָכן רייזנערן, צונעמענדיק ביי אים דעם רעוואָלווער. רייזנער איז אנידערגעפאַלן אויף דער ערד, אָנגעהויבן וויינען, געבעטן אויף אים רחמנות האָבן — און געחלשט. קרעבס, מיינענדיק אז רייזנער איז טויט, איז אנטלאָפן פון געטאָ אין שטאָט אריין, ווו ער האָט געפונען א באַהעלטעניש.

ווען מען האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז די געסטאַפּאָ געקומען אין געטאָ, דערהרגעט עטלעכע יידן און אנדערע פופציק גענומען אלס ערובניקעס, מעלדנדיק, אז ווען קרעבס און זיינע העלפער וועלן איבערגעגעבן ווערן אין זייערע הענט — וועלן זיי באַפרייען די 50 יידן. די יידישע פּאָליציי האָט גרינטלעך „דורכגעקעמט" די געטאָ־סביבה און דעם ארישן טייל פון דער שטאָט — און דאָרט געטראָפן גרינען, נישט וויסנדיק, אז ער האָט זיך אומגעקערט פון די פּאַרטיזאַנער, ווי אויך נאָך איין יוגנטלעכן גרוסט, אָדער גרופּט, און ביידע ארעסטירט. אָבער קרעבסן האָבן זיי נישט געפונען.

קרעבס, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אין בית־הכנסת „שיינבאך", אויפן בוידעם, האָט דאָרט געליטן הונגער. ער האָט נישט גענומען מיט זיך קיין עסן. האָט ער געשיקט זיינעם א באַקאַנטן פּאָליאַק אין געטאָ, בעטנדיק עסן און וואַסער. דער שליח האָט גראָד אָנגעטראָפן אויף

דער יידישער פּאָליציי. אזוי האָט די פּאָליציי זיך דערוווּסט פון זיין באהעלטעניש. הגם קרעבס האָט געהאט א רעוואָלווער, האָט ער זיך מיט אים נישט באנוצט — און פון גוטן ווילן זיך איבער־געגעבן דער פּאָליציי, וועלכע האָט געמאָלדן דער געסטאפּאָ, אז זיי האָבן שוין די גאנצע חברה „פארברעכער".

אלע דריי בחורים זענען איבערגעפירט געוואָרן אין דער געסטאפּאָ, מע האָט זיי פארמשפּט אויף אן עפנטלעכע תליה אין געטאָ. צו דער עפנטלעכער תליה האָט מען געצווּנגען צו קומען אלע געטאָ־איינוווינער, מיטן יודענראט בראש. די געסטאפּאָ האָט באפוילן דער יידישער פּאָליציי זיי זאָלן הענגען די פארמשפּטע. דער ערשטער יידישער פּאָליציאנט, וועלכער האָט ארויסגעצויגן דעם גורל, אז ער דארף הענגען די דריי, האָט געחלשט. אן אנדערער פּאָליציאנט האָט גענומען אויף זיך די אויפגאבע און געטאָן דאָס וואָס מע האָט אים געהייסן. דער ערשטער איז געהאָנגען געוואָרן קרעבס, נאָך אים — גרין, וועלכער האָט פארן ארויפגיין צו דער תליה אויסגעשריגן: „אכזריותדיקע מערדער, אונדזער בלוט אָן אייערע קעפּ. גאָט וועט פאר אונדז נקמה נעמען". נאָכן אויספירן דעם אורטייל, זענען ארויסגענומען געוואָרן נאָך 27 יידן פון די ערובניקעס און מ'האָט זיי דערשאָסן, טראָץ דער הבטחה אז מ'וועט זיי אלע באפרייען. די אנדערע 23 זענען באפרייט געוואָרן.

באלד נאָך דער געשעעניש, איז די געסטאפּאָ געקומען מיט אזא פּאָרשלאג: אזוי ווי אין תפיסה געפינען זיך, צוליב פארשידענע עבירות, 30 יוגנטלעכע, אויסער אנדערע, און זיי אלע וועלן אין קורצן דערשאָסן ווערן, לייגן זיי פאָר צו פארבייטן די יוגנטלעכע מיט אלטע לייט, וועלכע דער יודענראט וועט זיי געבן. אין דער פראגע איז געווען אין יודענראט א גרויסע דיסקוסיע. נאָך שטורמישע ויכוחים איז באשלאָסן געוואָרן „צו מאכן דאָס געשעפט". די גאנצע געשעעניש איז נישט געווען באוווּסט דער געטאָ־עפנטלעכקייט. אין א געוויסער נאכט, האָט די געטאָ־פּאָליציי באזוכט אלע הייזער און וווּ זיי האָט זיך אויסגעוויזן, אז דער אָדער א צווייטער איז אן עלטערער מענטש — האָבן זיי אים אוועקגענומען. דאָס „געשעפט" איז אדורכגעפירט געוואָרן. די אלטע לייט זענען פארשוווּנדן — און די יונגע זענען ארויס פון תפיסה.

די געשעעניש איז געווען א טעמע פאר שטורמישע דיסקוסיעס דאָן אין געטאָ, און אויך נאָך דער באפרייאונג. דאָס האָט אויפגערודערט דעם גאנצן קליינעם ישוב אין געטאָ און אויך נאָכן קריג — אלע יידן.

אָבער די דיסקוסיעס האָבן נישט געגעבן קיין תשובה אויף דער פראגע: „איז געווען דערלויבט דאָס צו טאָן?" פון דער גאנצער געשיכטע האָט זיך ארויסגעוויזן איין זאך: די דייטשן האָבן געוואָלט דערשטיקן ביי די יידן אלע מאָראלישע ווערטן און זיי אוועקשטעלן פאר הארבע פּראָבלעמען און קאָנפליקטן.

איך וויל דאָ דערמאָנען דעם ד"ר לייבל, וועלכער איז ביזן יאָר 1934 געווען גינעקאָלאָג אין פּשעמישל (דער איידעם פון מאיר האניקגאַקס ז"ל). אין א קאָנקורס האָט ער באקומען די לייטונג פון דעם יידישן שפּיטאָל אין שעדלעץ און ארויסגעוויזן גרויס פעיקייט אויף דעם געביט. אין אָקטאָבער 1939 האָבן אים די דייטשן נאָמינירט אלס פּרעזעס פונעם יודענראט — און ער האָט די אויפגאבע דערפילט, געווינענדיק די אנערקענונג פון אלע יידן. ער איז אויך פארבליבן דער לייטער פון יידישן שפּיטאָל.

שבת, דעם 28 אויגוסט 1942, ווען אלע יידן האָבן לויט א באפעל פון די נאציס זיך פאר־זאמלט אויפן אומשלאג־פּלאץ צו א סעלעקציע, איז ד"ר לייבל געקומען גלייך מיט אלע, הגם ער האָט געקענט פארבלייבן אין שפּיטאָל, בפרט, אז דער געסטאפּאָ־שעף האָט אים צוגעזאָגט, אז ס'וועט אים ניט געשען קיין שלעכטס.

אויפן אומשלאג־פלאץ זענען געלעגן פיל יידן — טויטע און פארוואונדעטע פון די שיסערייען. האָט ד״ר לייבל געבעטן ביי די דייטשע מערדער איבערפירן די פארוואונדעטע אין שפּיטאָל. אזוי זענען געראטעוועט געוואָרן פיל יידן, אויך געזונטע, וועלכע זענען דעם זעלבן שבת פארנאכט אויסגעקליבן געוואָרן ביי דער סעלעקציע און איבערגעפירט אין קליינעם געטאָ אלס ארבעטס־פעיקע.

דער געסטאפּאָ שעף האָט באפוילן אויך דעם ד״ר לייבל איבערגיין אין קליינעם געטא. ער האָט געענטפערט, אז ר׳וועט נישט פארלאָזן דאָס שפּיטאָל, נאָר זיך באטייליקן אין גורל פון זיינע שוועסטער און ברידער.

צוויי טעג נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ, איז אויך דאָס שפּיטאָל ליקווידירט געוואָרן, מיטן דערשיסן אין זיין אָנוועזנהייט אלע קראנקע אין די בעטן, אויך די קינדער. ד״ר לייבל מיט זיין פרוי, זענען ארויסגענומען געוואָרן הינטערן שפּיטאָל, צוזאמען מיט אלע דאָקטוירים, פעלדשערס און שוועסטערס, ווו מ׳האָט זיי דערשאָסן. אין זיין לעצטן מאָמענט האָט ד״ר לייבל אויסגערופן: „א טויט אייך מערדער, דאָס יידישע פאָלק וועט אייך איבערלעבן״!

דער זון פון די לייבלס, וויטעק, האָט זיך אויסבאהאלטן במשך צוויי חדשים מיט נאָך יידישע יוגנטלעכע, ביז זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן.

אין ניזשאנקאָוויץ, א שטעטל לעבן פּשעמישל, האָט געלעבט ד״ר קלינגהאָפער. ער איז געוועזן באליבט ביי דער גאנצער באפעלקערונג. א גוטער דאָקטאָר, א זייער אָרנטלעכער מענטש. זיין באליבטע באשעפטיקונג איז געוועזן — בינען. ער האָט פארמאָגט ביי א 12 בינשטאָקן, אויך ליב געהאט בלומען און געפלאנצט פארשידענע מינים רויזן. פארן שליסן פון געטא אין פּשעמישל, זענען אהין געשיקט געוואָרן אלע יידישע איינוווינער פון די דערבייאיקע שטעטלעך, אויך פון ניזשאנקאָוויץ, צוזאמען מיטן ד״ר קלינגהאָפער.

ווען דאָס געטא איז פארמאכט געוואָרן, איז ער געוועזן זייער דערשלאָגן, און נישט דערפאר וואָס מע האָט אים געטאָן אן עוולה, נאָר ווייל ער האָט געגלויבט, אז די וועלט איז בלויז גוט — האָט ער נישט געקאָנט פארדייען די איצטיקע לאגע. זיין אינערלעכער גלויבן איז צעבראָכן געוואָרן. ביז צו דער ערשטער אקציע, האָט ער נאָך געגלויבט, אז אלץ וועט זיך ענדערן, ס׳וועט נישט זיין אזוי שלעכט ווי מענטשן מיינען. און פלוצים איז געקומען די אקציע. דעם 27טן יולי 1942, אין ערשטן טאָג פון דער ערשטער אקציע, ווען ער האָט געטראָפן אויף דער טשארנעצקיעגאָ גאס אן ס.ס.־מאן, האָט ער אים נישט באגריסט מיטן אראָפּנעמען דעם הוט, ווי דאָס האָבן געפאָדערט די דייטשן. איז צו אים צו דער ס.ס.־מאן, געגעבן א פּאטש אין פּנים און אים געפרעגט: „פארוואָס נעמסטו נישט אראָפּ דעם הוט?״ אלס ענטפער האָט ד״ר קלינגהאָפער אראָפּגענומען דעם מגן־דוד פון זיין אָרעם, געוואָרפן אים די שמאטע און געשריגן צום דייטש: „מערדער, גאָט וועט אייך באשטראָפן!״ פארשטענדלעך, אז מע האָט אים באלד גענומען אין ווינקל פון געטאָ און דערשאָסן, נאָך דעם ווי ער איז אכזריות׳דיק צעשלאָגן געוואָרן. אין שטאָט האָט מען לאנג געשמועסט וועגן העלדישן טויט פון דאָקטאָר.

## ווידער א שחיטה

טראָץ דעם וואָס מ׳האָט אין אויגוסט גערעדט וועגן א נייער אקציע, האָט מען זיך דערצו נישט באצויגן ערנסט. אויף דעם 2.9.1943, פארטאָג, ווען מ׳האָט געהערט דעם גערויש פון אויטאָס אין געטאָ, האָט מען נאָך אלץ נישט געטראכט, אז דאָס איז אן אָנהייב פון אן אקציע. ערשט נאָכן ארומשטעלן דאָס געטאָ דורך דער געסטאפּאָ, האָט מען שוין געוווסט אז די אקציע האָט זיך אָנגעהויבן.

3 פארטאָג — די ערשטע שיסערייען. שוין געווען די ערשטע קרבנות פון די וועלכע האָבן געפּרוּווט אנטלויפן אין דער לעצטער מינוט פון געטא.

אלע געטאָ־איינוווינער האָט מען באפוילן צו שטעלן זיך צום אויסזידלונגס־פּלאַץ. אָבער דער רוב האָט זיך אויסבאהאלטן אין די בונקערס. די דייטשן, מיט דער הילף פון א גאנצן לעטישן באטאליאָן, א גוט באוואָפנטן, האָבן ארויסגענומען די יידן פון די בונקערס, 3.500 בערך, זיי אריינגעפירט אין באַן־וואגאָנעס און געשיקט קיין אָשוויענטשים. דאָס איז געשען דעם 2־טן און 3־טן סעפּטעמבער. אויך האָט די געסטאפּאָ ארויסגענומען פון ארבעטס־לאגער 600 מאַן און זיי געשיקט אין פארניכטונגס־לאגער אין שעבניע און די איבעריקע 250 יידן האָט זי איבער־געלאָזט צו „רייניקונגס״־ארבעט. לויט זייער חשבון, האָט נאָך געפעלט ביי א 2.100 מאַן, האָט מען זיי געזוכט מיט דער הילף פון דער שוּפּאָ און אינזשיניערן־מיליטער, אויפגעריסן יעדן פאר־דעכטיקט הויז. נאָך שווערע ארבעט און זוכונגען, האָבן זיי געפונען נאָך 300 יידן, וועלכע מ׳האָט קאָנצענטרירט אין צוויי הייזער, ארומגעצוימטע מיט שטעכל־דראָט.

דערנאָך האָבן די דייטשן געשאפן א נייעם יודענראט, מיט הער נייבאָרט בראש. די געסטאפּאָ האָט פארזיכערט, אז די יידן וועלן נאָך פארבלייבן דאָרט א 2 וואָכן און שפּעטער געשיקט ווערן קיין שעבניע אויף ארבעט. דער געסטאפּאָ־שעף האָט געמאָלדן, אז די וועלכע וועלן פארלאָזן די בונקערס, וועלן געשיקט ווערן קיין שעבניע, זיי דארפן נישט מורא האָבן. די זעלבע פארזיכערונג, מיט א פערזענלעך „ערנוואָרט״, איז געגעבן געוואָרן דעם יודענראט.

צוליב דער פארזיכערונג, זענען 900 יידן ארויס פון די בונקערס און געמאָלדן זייער גרייטקייט „צו גיין צו דער ארבעט״. א קליינער טייל איז גענומען געוואָרן דורך שוואמבערגערן אין „זיין״ לאגער, און די אנדערע האָט מען געשיקט אין צייטווייליקן נייעם לאגער. א שטיקל צייט איז געווען רואיק.

דעם 10־טן סעפּטעמבער האָט שוואמבערגער פלוצים באפוילן אן אפּעל אין לאגער. בעת דעם אפּעל פון שוואמבערגערן, האָבן די געסטאפּאָ־לייט דערווייל געזוכט יידן אין אלע קאזארמעס. אין קעלער פון דער קאזארמע האָט זיך געפינען א מיידעלע פון 8 יאָר, די טאָכטער פון ד״ר פאליק, וועלכער איז געווען קריגס־געפאנגענער ביי די דייטשן. זיין פרוי איז דעם 3־טן סעפּטעמבער אוועק קיין שעבניע. דאָס מיידעלע, א שיינס און א בלאָנדס, האָט געפונען דער געסטאפּאָוויעץ מילער — א פעסטער, הויכער (2 מעטער !), אז זיין בלויז פּנים האָט אָנגעוואָרפן א שרעק. אלע האָבן געזען, אז מילער ווייסט נישט פּשוט וואָס טאָן מיטן קינד. סוף־כּל־סוף האָט ער זי ממש צוגעוואָרפן שוואמבערגערן... דער לעצטער האָט אויך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט דעם קינד. ווייזט אויס, אז אין דער לעצטער מינוט האָט זיך ביי אים דערוועקט א מענטשלעך געפיל. ער האָט דאָס מיידעלע איבערגעגעבן די יידן, וועלכע האָבן נאָך באדארפט בלייבן אין לאגער, זאָגנדיק דערביי: — נעמט איך זי !... (אגב, דאָס מיידעלע איז דאן אָפּגעראטעוועט געוואָרן, זי לעבט און געפינט זיך ביי איר פאָטער אין ענגלאנד).

כּדאַי צו באמערקן, אז צו דעם „אפּעל״ האָט מען איינגעלאדן אלע אנגעזעענע לייט, דייטשע בירגער, וועלכע זענען געקומען אין יומטובדיקע קליידער צו זען וואָס מען טוט מיט די יידן. נאָך דעם אפּעל זענען א קליינע צאָל יידן צוריקגעשיקט געוואָרן אין געטאָ.

דעם 11־טן סעפּטעמבער האָט דער געסטאפּאָ־שעף בענעוויץ ווידער באפוילן אדורכצופירן אן אפּעל אין צייטווייליקן געטאָ. קיינער פון די דאָרט אָנוועזנדע 1200 מאַן, האָט נישט געוווּסט אז זיין סוף איז געקומען, נאָך געטראכט, אז געוויס וועט ער געשיקט ווערן קיין שעבניע אויף ארבעט. בענעוויץ מיט נאָך 3 געסטאפּאָ־לייט — ריכל, טימא און בענעש, זענען געקומען אין הויף פון יודענראט, צוזאמען מיט אוקראינישע פּאָליציי. בענעוויץ האָט ארויסגענומען פון זיין טעקע

א גרויסן בויגן פאפיר און געלייענט... אין אָנהייב האָט מען נישט פארשטאנען, אָדער נישט געוואָלט פארשטיין דעם אינהאלט. אָבער אין עטלעכע מינוטן שפּעטער האָבן שוין אלע געוווּסט, אז דאָס איז א טויט־אורטייל. די סיבה: דאָס אויסבאהאלטן זיך פון דער לעצטער אויסזידלונג. נאָכן איבער־לייענען דעם אורטייל, האָט בענעוויץ געפאָדערט פון די דערשטוינטע יידן: קיין בהלה און קיין געשרייען. דאָס אויספירן דעם אורטייל וועט נישט ווערן אָפּגעהאלטן, אלע וועלן דערשאָסן ווערן אין רוקן. ער האָט געפאָדערט, אז יעדעס מאָל זאָלן זיך אויסטאָן נאקעטע 50 מענטשן און גיין לויט אן אָרדענונג צום אָרט פון דער הריגה... און אזוי איז געווען.

אין דעם הויז וואָס איז געשטאנען אין לעצטן געטאָ (וואָס מ'האָט עס גערופן „צירק" צוליב זיין אויסערלעכן קיילעכיקן אויסזען), האָבן זיך אלע מאָל אויסגעטאָן 50 יידן און צוגעגאנגען צום טויטן־אָרט, נעבן דער תפיסה, ווו 3 געסטאפאָ־לייט, באוואָפנט מיט מאשינגעווער, האָבן געווארט. שטיל, אָן פארגיסן א טרער, זענען אלע געגאנגען צום טויט. אנטמאן, א דאָרפס־ייד פון פּיקוליץ, 2 מעטער די הייך, איז פשוט געלאָפן, געוואָלט זיין דער ערשטער אין דער ריי און נאָך אים — זיין זון און פרוי, אויך פעסטע און הויכע ווי ער.

6 שעה האָבן געדויערט די שיסערייען. יעדער שאָס האָט אָפּגעהילכט און אויפגעציטערט די אלע יידן, וואָס זענען נאָך געבליבן אין די קאזארמעס. א מוטער האָט געשריגן: „איצט שיסט מען מיין קינד". און דאָרט האָט א שוועסטער געזיפצט און געוויינט, פילנדיק אז איצט שיסט מען צו איר ברודער. אין א ווינקל איז געשטאנען א ייד, שלאָגנדיק זיך על־חטא און געזאָגט ווידוי מיט התלהבות. אנדערע האָבן זיך פארשטעלט די אויערן, כדי וואָס ווייניקער הערן...

נאָך דער דאָזיקער מאסן־עקזעקוציע, האָט זיך באוויזן אין קאזארמע דער געסטאפאָוויעץ ריכל און געפאָדערט פון לייטער פון לאגער, שוואמבערגער, צוויי יידן צום פארברענען די גופים פון די דערשאָסענע. מ'האָט אים געגעבן גראורן פון דאָבראָמיל און וועלפלינגן (א גראווירער) פון פּשעמישל. ווען ער האָט זיך געווענדעט וועגן נאָך צוויי מאן, האָט שוואמבערגער באשטימט, אז די יידן זאָלן זיי אליין אויסקלייבן. היות קיינער האָט נישט געוואָלט דאָס טאָן, האָט ער דער־קלערט, אז דער ערשטער וואָס וועט אריינקומען אין הויף פון דער קאזארמע — וועט ער נעמען צו דער דאָזיגער ארבעט. צופעליק, צו זייער אומגליק, האָבן זיך באוויזן די צוויי טאלאנטפולע פידלער, פּראָפעסאָר זילבער און הער ראָזנצווייג. שוואמבערגער האָט זיי דאָרט אוועקגעפירט צו דער ארבעט.

5 טעג און 5 נעכט האָבן געברענט די שייטערס. געדיכטער רויך האָט איינגעהילט די גאנצע געגנט פון געטא און פון דער שטאָט. מע האָט דערציילט, אז די לופט איז געווען פארסמט מיט א זיס־איבלדיקן ריח. וואָס מ'האָט אָנגערירט, איז געווען פעט, קלעפּיק. אפילו דאָס שטיקל ברויט (וואָס איז דאן געווען א גאנצע מציאה), ווען מע האָט עס גענומען אין מויל אריין — האָט דערוועקט איבל.

נאָכן פארברענען די קערפּערס, זענען די פיר יידן געצוווּנגען געוואָרן דורכצוזופּן דאָס אש און זוכן דאָרט גאָלדענע ציין אָדער אנדערע ווערטזאכן. און נאָכן פארענדיקן זייער ארבעט, האָט די געסטאפּאָ אוועקגעפירט די פיר יידן קיין באקאנטשיץ און זיי ליקווידירט מיט א האנט־גראנאט. דאָס אש פון די פארברענטע האָבן די רוצחים אויפגעלאָדן אויף וועגעלעך און אריינגעשיט אין טייך סאַן.

כ'וויל דאָ פאראייביקן צוויי קדושים, וואָס זענען פון זייער אייגענעם ווילן געגאנגען צום טויט, צוליב זייער צוגעבונדנקייט צו זייערע משפחות: דער זון פון פּראָפ' ברענדלער, וואָס האָט אין לעצטן מאָמענט באשלאָסן צו שטארבן צוזאמען מיט זיינע עלטערן; און דער צווייטער — שמואל נאגעל (קאפּיטאן), וואָס האָט נישט געוואָלט לאָזן אליין זיין פרוי און קינדער אין זייער לעצטן וועג.

## אויס אילוזיעס

נאָך דער דאָזיקער שחיטה, האָט אין קליינעם לאַגער געהערשט א דערשלאָגענע שטילקייט. מע האָט שוין נישט געהאט קיין שום אילוזיעס בנוגע דער צוקונפט. מע האָט געזוכט וועגן זיך צו ראַטעווען: ווער — דורך פאַרבינדונגען מיט פּאָליאַקן, ווער — דורך אַנטלויפן פון שטאָט. אַזאַ זאַך איז נישט שנעל געמאַכט געוואָרן, ווייל די פאַרבינדונג איז געווען א שווערע. די פּאָליאַקן האָבן ניט אַזוי גיך זיך אָפּגערופן. דאָך זענען עטלעכע מענטשן אַנטלאָפן.

ווען שוואַמבערגער האָט זיך דערוווּסט וועגן די אַנטלויפונגען (און ס׳איז ניט שווער געווען זיך צו דערוויסן צוליב דער קליינער צאָל מענטשן, און אויך דערפאַר, ווייל 2 מאָל אין טאָג איז געווען אַן אַפּעל) — איז דער אורטייל פון די געבליבענע געווען: טויט־שטראָף. פאַרשטענדלעך, אַז ס׳זענען געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן אויסגעמיטן די האַרבע שטראָף. א גרויסע צאָל איז אוועק. אגב: — עטלעכע אומלעגאַלע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די לעגאַל־געבליבענע.

אַלע האָבן געמיינט, אַז די אַקציע איז שוין די לעצטע. דעם 2־טן סעפּטעמבער, איז באמת געווען די לעצטע אַקציע, אָבער דערנאָך — נאָך אַן אַקציע, א קליינע. דעם 28־טן נאָוועמבער, האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגענומען פון קליינעם געטאָ 100 יידן און זיי געשיקט קיין שעבניע, ס׳זענען געבליבן ביי 150, אויסער די אומלעגאַלע, צווישן זיי — קינדער. דערנאָך האָט זיך די צאָל איינגעשרומפּן דורך אַנטלויפן. אפילו די יודענראַט־מיטגלידער זענען אַנטלאָפן. איצט זענען געבליבן זייער ווייניק. אָבער אויך זיי זענען ענדע פעברואַר געשיקט געוואָרן קיין סטאַלאָוואַ, און א טייל — קיין אָשוויענטשים.

צווישן די פאַרבליבענע ביזן סוף, איז געווען דער באַקאַנטער שרייבער מתתיהו מיזעס, א באַשיידענער מענטש. ווי ס׳האָבן דערציילט די וועלכע זענען געווען מיט אים נאָענט, האָט ער זייענדיק אין לאַגער און אין געטאָ געשריבן די גאַנצע צייט. ער האָט אויך געשריבן וועגן דעם וואָס ס׳איז געשען אין דער צייט פון חורבן. דעם 3.9.43 האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין שעבניע, אָבער לויט א באַפעל פון אויבן — צוריקגעבראַכט קיין פּשעמישל.

דעם 2טן מערץ, 6 חדשים פאַר דער לעצטער אַקציע, זענען געקומען אין לאַגער הויך־ראַנגיקע דייטשן, צווישן זיי — איינער א געלערנטער, וועלכער האָט געוואָלט באַזוכן די ביבליאָטעק, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון די ביכער, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פון די פּריוואַטע און עפנטלעכע יידישע ביבליאָטעקן, און אויך זען דעם שרייבער מיזעס, וועלכער איז געווען לייטער פון דער ביבליאָטעק. ער האָט גערעדט מיט מיזעסן און געזען אין אים א מענטש מיט א סך וויסן. דערפאַר האָט ער אינטערווענירט אים צו ראַטעווען און מיזעס איז געבליבן אין לאַגער ביז דער לעצטער מינוט פון זיין עקזיסטענץ. שפּעטער איז ער געשיקט געוואָרן קיין פּלאַשאָוו, הינטער קראָקע. פון דאָרט, איז ער מיטן דערנענטערן זיך פון פראָנט, געצוווּנגען געוואָרן צו גיין צופוס קיין דייטשלאַנד. ר׳האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם וועג — און דערשאָסן געוואָרן.

מיט מ. מיזעס, דעם לייטער פון דער ביבליאָטעק, האָבן געאַרבעט אַלס געהילפן: משה און שמואל גאָטפריד, ד״ר אויבערהאַרד, אשר טוכמאַן, איזידאָר מאַלער, פּראָפ׳ ברענדלער.

ווען שוואַמבערגער איז אויף אַן אומגעריכטן אופן אַריינגעקומען אין דער ביבליאָטעק און געזען אַז די מענטשן אַרבעטן נישט, האָט ער געזאָגט:

— די הערן ריידן צווישן זיך פאַר זייער פאַרגעניגן וועגן, יאָ?

אויף דעם האָט מיזעס געענטפערט: — צו וואָס די אַלע פראַגן? אַזוי צי אַזוי, האָט איר פאַרשפּילט דעם קריג.

שוואַמבערגער האָט נישט רעאַגירט — און פאַרלאָזט די ביבליאָטעק.

# די באפרייאונג — און נאָך איר

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז די מחנה ליקווידירט געוואָרן ענדע פעברואר. פאָרמעל, האָט צו יענער צייט שוין נישט באדארפט זיין קיין איין ייד אין פשעמישל. דאָך זענען נאָך געבליבן עטלעכע בונקערס, מיט בערך 120 יידן. פון מערץ ביז אויגוסט 1944, זענען ליקווידירט געוואָרן פון 3 ביז 4 בונקערס מיט 40 ביז 50 יידן אין זיי. אָנהייב יולי 1944 האָט דער פראָנט זיך דער־נעענטערט צו פשעמישל. פון 23 יולי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באָמבארדירן און באשיסן די שטאָט דורך די רוסן. די אויפרייסן זענען פאר דער שארית הפליטה אין די בונקערס געווען די פרייליגנ־אָנזאָגער פון באפרייאונג. דעם 27.7.44, 3 פארטאָג, האָבן די איינוווינער פון די בונקערס, בפרט פון יענע וועלכע האָבן זיך געפונען אין די העכערע ערטער, געהערט פון צענטער שטאָט רוסישע קולות, ווי „דאווייי נאזאד", א. אנד. דאן האָבן שוין אלע געוווּסט, אז די רוסן זענען אריין אין שטאָט — דעם טאָג ווען ס'האָט מיט צוויי יאָר צוריק, דעם 27.7, זיך אָנגעהויבן די ערשטע אקציע אין פשעמישל.

ס'איז אוממעגלעך צו שילדערן די פרייד, אויסגעמישט מיט טרערן, אין טאָג פון דער באפרייאונג. 9 פרי בערך, זענען שוין די ערשטע יידן פון די בונקערס ארויס, הגם דאָס רוסישע מיליטער איז נאָך נישט געווען אין שטאָט, נאָר בלויז — פארטיזאנער. אין ערשטן טאָג פון דער באפרייאונג האָבן יידן געזוכט איינער דעם צווייטן און אדורכגעפירט א מין „ציילונג" פון די וואָס זענען געבליבן לעבן.



אזכרה אויפן מאסן־קבר פון די פשעמישלער יידן, 1946
אזכרה בבית הקברות בפשמישל ע"י קבר אחים, 1946
Commemoration at Przemyśl Jewish cemetery, 1946



דענקמאָל־מצבה לזכר די קרבנות פון געטאָ, אויפן אָרט פון זייער אומקום, דעם 12.9.43
מצבת זכרון לזכר קרבנות הגיטו, במקום בו הוצאו להורג ב־12.9.43
Monument in memory of Ghetto victims on the place, they were shot at 12.9.1943.

אין ערשטן טאָג פון דער באפרייאונג, זענען פיל יידן נאָך צוריק געגאנגען אין זייער באהעלטעניש. מ׳האָט נאָך נישט געקאָנט פארדייען דאָס געפיל פון באפרייאונג, מ׳האָט נאָך אלץ נישט געגלויבט. אין שטאָט האָבן קורסירט פארשידענע קלאנגען, פארשפרייט דורך די פּאָליאקן און אוקראַינער, אז די דייטשן וועלן זיך נאָך אומקערן, ס׳איז אלץ נאָך נישט קלאָר די לאגע. אָבער דאָס זענען געווען פאלשע קלאנגען.

אין עטלעכע טעג ארום, האָבן זיך צונויפגעזאמלט א קליינע צאָל יידן, בערך א הונדערט, כדי מאכן א חשבון־הנפש און באשליסן וועגן דער צוקונפט.

א פשעמעשלער וואָס האָט דאמאָלט דורכשפּאצירט די גאסן פון שטאָט האָט גלייך דערפילט דאָס פעלן פונעם יידישן חותם. אלע הויפט־גאסן, וואָס זענען געווען פול מיט יידישע געשעפטן, פארמאָגן נישט איצט קיין איין יידיש געשעפט. די אמאָל רוישיקע שטאָט איז ווי אנטשלאָפן געוואָרן, ס׳מאכט דעם איינדרוק פון א קליין שטעטל. סוף 1944 זענען אין שטאָט געווען א צוויי הונדערט יידן (ביי א 20 פון פשעמישל און די איבעריקע — פון בערטש, מאָשטשיסקאָ, דינאָוו א.א.).

דער רוב פון די יידן — באאמטע און ארבעטער אין קאָאָפּעראטיוון און פאבריקן. נישטאָ קיין יידישע בעלי־מלאכות, בלויז איין פריזירער — א ייד (נויבארט), עטלעכע דאָקטוירים (ד״ר זיסוויין, ד״ר זאָן (סאָנעצקי), ד״ר בלעך), עטלעכע אדוואָקאטן (ד״ר טורסקי־טייטלבוים, ד״ר הויפּט און פרוי ד״ר האלפּערן).

קיין קולטור־לעבן איז נישט פאראן. ס׳עקזיסטירט אפילו אן אָפּטיילונג פון יידישן קולטור־פארבאנד אין פוילן, מיט יעקב ווילנער בראש, אָבער איר טעטיקייט באגרענעצט זיך בלויז מיט

אדורכפירן פייערונגען לכבוד נאציאָנאלע יומטובים אָדער צום געטאָ־יאָרצייט אין פשעמישל. פאראַן אויך אַן אָפּטיילונג פאר רעליגיע, אָבער אָן אן אָנפירונג און אָן א סימן פון לעבן.

אלע הייזער וועלכע האָבן געהערט צו דער קהילה, זענען נאציאָנאליזירט. די שיינבאך־שול איז פארוואנדלט געוואָרן אין א מאגאזין און די זאסאניע־שול — אין א אינסטיטוציע. פון דער גרויסער שול און אויך פונעם „טעמפל" איז נישט געבליבן קיין זכר. דער בית־הקברות איז פארנאכלעסיקט, אויסער עטליכע מצבות וואָס געפינען זיך אין א גוטן צושטאנד א דאנק די קרובים פון די געשטאָרבענע, וואָס לעבן אין אויסלאנד.

אין אלגעמיין: די שארית־הפליטה אין פשעמישל ווערט איינגעשרומפּן, די וועלכע זענען פארבליבן, קלערן נישט וועגן פארלאָזן — ניט קיין ישראל און ניט ערגעץ אנדערש. זיי האָבן באשלאָסן פארענדיקן זייער לעבן דאָרט.

ווער ס'איז אדורכגעגאנגען דאָרט וואו ס'איז געווען דאָס געטאָ, האָט געזען א מאָדנע בילד. כמעט אלע הייזער, וועלכע האָבן געהערט צו יידן, זענען איינגעזונקען און זיך צעפאלן. אפשר דערפאר, וואָס יעדער נאכט זענען קריסטן געקומען זוכן באהאלטענע אוצרות. אָבער די געראַ־ וועטע האָבן געזען אין דעם א סימן פון א קללה, וואָס הענגט איבער דעם שטח...



שארית־הפליטה פון פשעמישלער „השומר הדתי" אין יאָר 1946
שארית־הפליטה מן הארגון „השומר הדתי" בפשמישל, 1946
A group of "Hashomer Hadati", 1946

ד״ר לעאָן פרים * / באָסטאָן

# מיינע איבערלעבונגען בעת דער אקופאציע

### .1

אין איינעם פון די יוני־טעג 1941, אין דער פרי, האָבן מיר דערהערט ארטילעריע־שאָסן איבער דער שטאָט. דערנאָך, אין משך פון א וואָך־צייט, באַטאָג און באַנאַכט, האָבן מיר זיך באהאלטן אין פארשידענע קעלערן, אָפּהענגיק פון דער ריכטונג פון די שאָסן מצד דער דייטשער ארטילעריע. אין דער אלגעמיינער נערוועזיטעט און פאַניק, האָט הרב מיזעס, מיט וועלכן מיר זענען אָפט געווען אין די זעלבע באהעלטעניש, ארויסגעוויזן א באזונדערע גלייכגעוויכט און רואיקייט. דערווייל האָט דאָס סאָוויעטישע מיליטער און זייערע אמטן זיך צוריקגעצויגן קיין מזרח. איינמאָל אין דער פרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז די דייטשן זענען דאָ אין שטאָט.

ווייסנדיק, אז די מענער זענען אין גרויסער סכנה, האָט מיין פרוי מיך איינגעאָרדנט אין יידישן שפּיטאָל, מיט דער הסכמה פון דירעקטאָר, ד״ר דיאמאנט. דאָרט האָבן מיין פרוי און מיין זון מיך באזוכט אלס „קראנקן״ צוויי מאָל אין טאָג. צווישן אנדערע זענען דאָ אויך געווען אזעלכע „קראנקע״, ווי ד״ר אָבערהארט און ד״ר מארק, ד״ר אייזנער און ד״ר שטיינהארט — אלס פּראַקטיצירנדיקע דאָקטוירים. דער אויפנטהאלט איז אָבער, צוליב פארשידענע שמועות, געוואָרן אומזיכער. דערפאר בין איך צוריק אוועק אין מיין וווינונג. דערווייל איז געשאפן געוואָרן דער יודענראט, בראש פון וועלכן ס׳איז געשטאנען איגנאצי דולדיק.

### .2

איצט זענען ארויסגעקומען פארשידענע גזירות: טראָגן מגן־דוד צייכנס, אוועקגעבן די ראדיאָ־אפּאראטן, פוטער־מאנטלען אאז״וו. אזוי ווי יידן האָבן געקענט די דייטשע שפּראַך, זענען זיי כמעט אויסשליסלעך געווען טעטיק ביים רעגיסטרירן די פּשעמישלער באפעלקערונג. ווי נאָר איך האָב געענדיקט מיין אויפגאבע אין דער געגנט פון פּאדזאמטשע, האָב איך דערהאלטן אן איינלאדונג צו דער סטאראָסטווע. דאָ האָט מיר דערקלערט א באאמטער, וואָס זיין נאָמען איז מיר געווען אומבאקאנט, אז מיר דארפן אָרגאניזירן אן אמט פאר די קאָנפיסקירטע הייזער, אויפן מוסטער פון די סאָוויעטן. אונטערטעניק האָב איך אים דערקלערט, אז גערן וואָלט איך דאָס אויסגעפירט, נאָר אונטער דער לייטונג פון וועלכן ס׳איז אוקראינער (צוליב מיין מגן־דוד צייכן). אָבער דער דייטשער באאמטער האָט מיר קורץ געענטפערט, אז נאָר מיר האָט ער איבערגעגעבן די לייטונג פון דעם אמט. כדי צו שפּאָרן בוכהאלטערס און באאמטע, האָב איך, אויף באפעל, פאָרגעלייגט א פּלאַן לויט וועלכן די הויז־פּארוואלטערס דארפן אויספילן די פאָרמולארן און זיי דארפן אויך זיין פאראנטוואָרטלעך פאר דער ריכטיקייט פון די ביכער.

הייזער זענען געווען 853. אויפגענומען האָב איך 63 פּארוואלטער, צווישן זיי — 15 יידן. צו מיר האָט אויך געהערט דאָס באשטימען די הייך פון דירה־געלט, אויספירן פארשידענע וווינונגס־ענייִנים און זאָרגן, אז דאָס דירה־געלט זאָל פּינקטלעך ווערן איינגעצאָלט אין דער קאַסע פון סטאראָסטווע.

### .3

דערווייל זענען ארומגעגאנגען קלאנגען, אז מע גייט שאפן א געטאָ. מיין שוועסטער, פרוי שטרודלער, האָט געדונגען א דירה אויף גארבאזשע און דאָרט זיך איבערגעטראָגן מיט איר מאן

* געוו׳ אדוואָקאט אין פּשעמישל, זון פון דעם באקאנטן פּשעמישלער לאקירער און שילדן־מאָלער.

און טאָכטער, ווי אויך מיט מיין פאָטער און יונגסטער שוועסטער, יוזעפא, כדי נישט ווערן איבער־ראשט, ווען דאָס געטאָ וועט געשאפן ווערן. מיין פאָטער האָט ווייטער אויפגעהאלטן זיין ווארשטאט אויף דער מיצקעוויטש־גאס.

איינמאָל, אין יאַנואַר 1942, איז אין מיין ביוראָ אריינגעקומען מיין שוועסטערן־טאָכטער (היינט — נורית קאמיענעצקא אין גבעתיים) מיט אָט די ווערטער: „פעטער, דער זיידע איז געשטאָרבן״! ער איז נפטר געוואָרן ביינאכט, בשעתן שלאָפן. ער האָט געלעבט 76 יאָר. די לוויה: א קאסטן אויף א נידעריקן פויערישן וואָגן, געצויגן פון איין פערד. באגלייט האָבן אים: מיין ברודער אדאָלף, מיין שוועסטער, פרוי שטרודלער, די יונגערע שוועסטער, מיין פרוי, זון און איך. צוזאמען — זעקס פערזאָן, הגם דערלויבט איז געווען נאָר פינף. אנדערע האָבן זיך אדורכגעגנבעט צום בית־הקברות דורך פארשידענע געסלעך. פאר דער משפחה פרים האָט זיך געענדיקט א תקופה.

4.

מיטן אנטשטיין פון געטאָ, איז ליקווידירט געוואָרן מיין וואָינונגס־אמט, די 15 יידישע פארוואלטערס האָט מען אָפּגעזאָגט. איך האָב באקומען ארבעט ביי א בנין, לעבן דער דוואָרסקעגאָ־גאס, און פארן זון — אלס שילדן־מאָלער פארן מיליטער, נישט ווייט פון מיר.

אין חודש יולי 1942 האָט מען מיך גערופן צום יודענראט (דאמאָלט — לעבן דער טשאר־ניעצקעגאָ־גאס) און געמאָלדן, אז מאָרגן דארף פאָרקומען אן „אקציע״. אָבער פאר מיר און מיין פרוי האָט מען אויסגעפועלט א סטעמפל אלס כלומערשטער לייטער פונעם אמט „יידישע פיר־זאָרגע״. אויך פאר מיין זון — א סטעמפל פון דעם צעך בעלי־מלאכהס, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט מיין שוואָגער שטרודלער. אינטערעסאנט, אז ער האָט וועגן זיך, זיין פרוי און טאָכטער — אינגאנצן פארגעסן וועגן אזא סטעמפל. אזוי האָבן זיי אלע געמוזט לעבן פון איצט אָן אין באהעלטעניש.

מיין ברודער אדאָלף, נישט וויסנדיק אז אויך פאר אים האָט מען באזאָרגט אזא סטעמפל, האָט זיך באהאלטן מיט זיין זון אין שטאָט. מיין יונגסטע שוועסטער (וועלכע האָט חתונה געהאט אין געטאָ מיט פראָפ׳ רימער) האָט אויסגעמיטן די „אקציע״ אלס ארבעטערין אין דער קיך פון געטאָ.

5.

אין טאָג פון דער אקציע, אויפן־פלאץ, ווו ס׳איז אמאָל געווען א צעגיעלניע, האָט מען צוזאמען גענומען די אומגליקלעכע און זיי געמאָלדן, אז זיי ווערן געשיקט קיין ביאלא־פאָדלאסקא, ווו זיי וועלן ארבעטן אונטער דער אויפזיכט פון דער דייטשער פאָליציי. אין די גאסן פון געטאָ האָבן פאטראָלירט געסטאפאָ־לייט. אין דער צייט זענען באגאנגען זעלבסטמאָרד די שוויגער פון מיין ברודער, פרוי שווארץ, און אסך אנדערע. מיר האָבן מורא געהאט צו גיין אין אונדזערע דירות און זיך ארומגעדרייט אין די זאלן פון יודענראט. ווען ס׳האָט עמעץ פארנאכט א מורמל געגעבן, אז דאָס געטאָ איז ליידיק און אז די געסטאפּאָ איז נישטאָ (אָבער אויך די וועלכע זענען געווען פארזאמלט אויפן פלאץ — זענען מער נישט געווען), האָבן מיר אלע אין שרעק זיך אומגעקערט אין אונדזערע דירות.

מיט עטלעכע טעג שפעטער, האָט די געסטאפּאָ גערופן דעם לייטער פון יודענראט, ה׳ דולדיק, דעם יונגן רעכטער, ד״ר דוד לאנדוי און דעם אינזש׳ קרייזלער — און זיי אלע דערשאָסן. אונדז האָט מען טאָג־טעגלעך געטריבן צו דער ארבעט גרופּנווייז, ווו ווער ס׳האָט געאַרבעט — און פארנאכט צוריק אין געטאָ.

איינמאָל אין נאָוועמבער 1942, איז ארויס א שמועה, אז אלע ארבעטנדיקע דארף מען קאַשארירן און די רעשט — ארויספירן. נישט וויסנדיק וויפל אמת ס׳איז פאראן אין דעם קלאנג,

האָבן מיר (מיין זון און איך), גענומען מיין ווייב אין דער גרופּע, מיט וועלכער מ׳האָט אונדז געיאָגט צו דער אַרבעט. דאָ האָבן מיר זי באַהאַלטן ביזן אָוונט. פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט מען אונדז צוריק געטריבן אין די קאַשאַרן אויף פּשעקאָפּאַנע. מיין שוועסטער, פרוי שטרודלער, באַזאַמען מיט איר טאָכטער, איז אין צווישנצייט געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון פּשעמישל אויף אַרישע פּאַפּירן. מיין יונגסטע שוועסטער האָט אַ פּוילישע פרוי, אַ פריינדין פון מיין פאָטערס אַן אַרבע־טערין, געזאָלט אַרויספירן פון געטאָ. (ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מיין יונגערע שוועסטער זיך צוריקגעקערט פון געטאָ־טויער. זי האָט געזאָגט, אַז זי קאָן נישט איבערלאָזן די צוויי יתומים, מיט וועלכע איר מאַן האָט זיך פאַרנומען). זיי זענען אָבער אַלע, מיט אויסנאַם פון רימער, אומגעקומען אין בעלזשעץ.

6.

איינמאָל, עטלעכע טעג נאָכן קאַשאַרירן אונדז, ווען מיר זענען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, האָט מען אונדז געזאָגט אַז מיין ווייב און אַנדערע פרויען זענען צוריק געטריבן געוואָרן אין געטאָ. צומאָרגנס האָט מיין זון, מיט סכּנות־נפשות, זיך אַרויסבאַקומען פון זיין אַרבעטס־גרופּע און געבערענגט זיין מוטער צו אונדז, וווּ מיר האָבן געאַרבעט. נאָך 48 שעה פּלאָגעניש, באַהאַלטנדיק זיך אין פרעמדע קעלערן, האָט זי זיך אַרויסבאַקומען קיין לעמבערג, וווּ איך און מיין זון האָבן שפּעטער זיך געזאָלט מיט איר טרעפן. אָבער נאָך 3 וואָכן זיין דאָרט, איז זי אומגע־קומען צוליב אַ מסירה. דערנאָך האָט מען מיך אַרויסגעשיקט פון די קאַשאַרן אין דעם געטאָ פאַר אַרבעטנדיקע וווּ כ׳האָב זיך אַריינגעצויגן אין דער קיך, אין וועלכער עס האָט געוווינט פרוי אייזלער און איר זון. אין דער צייט זענען אויף פלעקנטיפוס געשטאָרבן אינזשיניער גאָטליב און ד״ר הערשדערפער. דערווייל האָט מען מיך איבערגעטראָגן אין דער ביבליאָטעק, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט מתתיהו מיזעס. איך האָב אים נענטער באַקענט און זייער געשעצט. מיר האָבן זיך באַפריינדעט. ער איז איצט געווען, אַ דאַנק זיין כאַראַקטער, בילדונג און חן, די צענטראַלע פיגור, אַרום וועלכער עס האָט זיך גרופּירט די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ פון דער העלפט געטאָ. אפילו דער סקעפּטיקער, ד״ר מאָרגנשטערן, איז געווען איינער פון זיינע פאַרערער. באַלד האָט מען מיך איבערגעפירט אין אַ וועשעריי. דאָרט האָב איך באַדינט איינע פון די וואַש־מאַשינען, נאָר כ׳בין קראַנק געוואָרן אויף פלעקנטיפוס און מיין פריינד, ד״ר אייזנער, האָט מיך איבערגעפירט אין געטאָ־שפּיטאָל פאַר נישט־אַרבעטנדיקע. איינמאָל, ווי נאָר איך בין געקומען צום באַוווּסטזיין (איך בין דאָרט געווען אונטער דער השגחה פון די דאָקטוירים שאַטנער און מאַיער), און דאָס איז געווען בערך 3 וואָכן נאָך מיין קראַנק ווערן, האָט מיך ד״ר אייזנער אַוועק־גענומען פונעם שפּיטאָל. ער האָט געזאָגט, אַז דעם אַנדערן טאָג דאַרף קומען אַ קאָמיסיע אין דער וועשעריי, פאַר וועלכע אַלע בעשעפטיקטע דאָרט וועלן דאַרפן באַווייזן זייער אַרבעטס־פעיקייט. צומאָרגנס האָב איך מיך דערשלעפּט אין דער וועשעריי — און גאָט האָט מיר אין דעם קריטישן מאָמענט געגעבן כּוח... אַז מ׳האָט מיך אַרויסגערופן צו דער קאָמיסיע, בין איך מיט קוראַזש פאַר זיי דורכגעלאָפן און — אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז אַ סך מאָל, בשעת מיין קראַנק־זיין, האָט מיין זון זיך אַריבער־געגנבעט אין די נעכט פון לאַגער אין פּשעקאַפּאַנע, צו מיר אין שפּיטאָל און געבראַכט צוקער, אויבסט און אַנדערע גוטע זאַכן. ווי ער האָט שפּעטער דערציילט, האָט אים דאָס אַלץ געגעבן די פרוי פון ד״ר שאַטנער.

7.

נאָכן אויפלייזן דעם לאַגער אין פּשעקאַפּאַנע, האָב איך און מיין זון צוזאַמען מיט אַנדערע, געוווינט אין דער קיך. איך האָב אים געמוזט אויסבאַהאַלטן, מע זאָל אים נישט צונעמען, ווי פיל אַנדערע, נישט־אַרבעטנדיקע. צום פרישטיק האָב איך אים מיטגענומען אין דער געטאָ־קיך,

מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפירט אינזשיניער זאק. דאָס מיטאָג האָב איך געברענגט פון קיך „אהיים״. איינמאָל אין דער פרי, זיצנדיקביים פרישטיק, האָבן מיר דערהערט א שאָס. דאָס איז די פרוי אייזלער (וועלכע האָט געוווינט מיט אונדז אין דער קיך) דערשאָסן געוואָרן דורך איינעם פון דער געסטאַפּאָ, ווייל זי האָט דאכט זיך, געוואָלט עפּעס פארקויפן ביים געטאָ־פּארקן.

איינמאָל, ווען כ׳בין צוריק געקומען פון דער ארבעט, האָב איך נישט געטראָפן מיין זון. א יידישער פּאָליציאנט האָט מיר געזאָגט, אז מע האָט אים צוגענומען מיט די יידן פון פּזשע־קאָפּאנע און זיי אוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון דעם געטאָ פאר נישט־ארבעטנדיקע. א פארצווייפלטער בין איך געלאָפן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג און דעריאָגט די גרופּע, אין וועלכער מיין זון איז א טרויעריקער און רעזיגנירטער מיטגעגאנגען. איך האָב דערקלערט דעם קאָמענדאנט פון דער גרופּע, אָן עס־עס מאן, אז דאָ איז באשטימט געשען א טעות, ווייל מיין זון איז אָנגענומען געוואָרן צו דער ארבעט אין דער שלאָסעריי. איך האָב זיך פארופן אויפן ד״ר קראָנבערג, וועלכער איז תיכף ארויסגעלאָפן פון די ווארשטאטן און דאָס באשטעטיקט. מיר האָבן געפועלט, אז מיין זון איז געבליבן.

אין אָקטאָבער 1943 האָט זיך פלוצים באוויזן מיין ברודער אדאָלף מיט זיין זון, נאָך א 6 חדשים באהאלטן זיך אין שטאט. כ׳האב זיי געבעטן, זיי זאלן זיך לאזן אפשערן געננוי ווי אלע אין דעם טייל געטאָ, כדי זיך נישט אונטערשיידן פון די ארבעטנדיקע, צו וועלכע כ׳האָב מיך באמיט זיי ארייננצוציען. ער האָט אָבער אָפּגעזאָגט.

**8.**

איינמאָל, אין דער נאכט פון 1טן אויפן 2טן סעפּטעמבער, האָט אונדז אויפגעוועקט דער שוועסטער־זון פון ה׳ שטרודלער, דער יונגסטער אָרנשטיין, וועלכער איז געווען פּאָליציאנט אין געטאָ. א שטארק אויפגערעגטער האָט ער געזאָגט, אז עפּעס קאָכט זיך ארום דעם געטאָ. מיין ברודער מיטן זון זענען ארויסגעלאָפן — אָבער דאָס געטאָ איז שוין געווען ארומגערינגלט. עס האָט געטאָגט. אויף די גאסן — גרופּן מענטשן, וועלכע האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אייזנער האָט מיר איינגערוימט, אז מיר זאָלן גיין ארבעטן ווי געוויינלעך. מיט איינמאָל האָט ווער באמערקט, אז אסטעל, וועלכער האָט שוין פריער געקרענקט, איז געשטאָרבן. כ׳האָב צוגערעט מיין ברודער, אז ער און זיין זון זאָלן מיט מיר גיין אין דער וועשעריי. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. דערנאָך זענען ביידע אראָפּ אין קעלער פונעם הויז, ווו מיר האָבן געוווינט. אין דער וועשעריי האָבן מיר געהערט, אז מע האָט דאָס געטאָ פון נישט־ארבעטנדיקע ארויסגעפירט קיין אָשוויענטשים. נאָך א שלאָפּ־לאָזע נאכט, האָט מען אויך אונדז געהייסן זיך צוזאמען נעמען אין די צוגעגרייטע וואגאָנען. געבליבן זענען בלויז איינצלנע, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען שטרודלער, אייזנער, קראָנבערג און ד״ר שאטנער מיט זיין משפחה. מ׳האָט אונדז אריינגעטריבן אין די וואגאָנען און זיי פארפלאָמבירט. עסקאָרטירט האָבן אונדז עסטאָנער, אָנגעטועטע אין ס.ס.־מונדירן. אין מיטן דער נאכט האָט מען אונדז ארויסגעזעצט אויף דער סטאציע שעבניע, ווו ס׳האָבן אונדז איבער־גענומען אוקראינער אין שווארצע מונדירן. ביי שטורקאצן־ליכט, זענען מיר געלאָפן דורכן וואלד, געטריבן דורך די תליינים, וועלכע האָבן געשריגן „לאָס ! לאָס !״ — דאָס איינציקע דייטשע וואָרט וואָס זיי האָבן געוווסט. בעת דעם לויפן האָט זיך דערהערט א שאָס. איינער פון די תליינים האָט דערשאָסן די פרוי אסטעל, וועלכע איז געווען נאָך א קראנקהייט און האָט נישט געקענט דעריאָגן די גרופּע. אזוי האָט מען אונדז געיאָגט אין לאגער אריין, ווו יעדער איז אדורכגעגאנגען א שטרענגע רעוויזיע. מיין רינגל האָט מען פון מיר צוגענומען, אויך די מאנטלען פון מיר און מיין זון. עס איז שוין געווען אינדערפרי, ווען מ׳האָט אונדז צעטיילט אין די באראקן, ווו ס׳האָט געהערשט ענגשאפט, שמוץ און קריגערייען פאר א שטיקל פלאץ. ערשט איצט האָבן מיר דערזען,

אז מיט אונדז געפינט זיך מתתיהו מיזעס. נאָך גרויסע שוועריקייטן איז מיר און מיין זון געלונגען זיך אריינצובאקומען אין דעם ווארשטאט פון די מאליארעס, אָנגעפירט פון א געוויסן שטיינלויף, פון קראָקע. אין ווארשטאט האָבן מיר געטראָפן א פשעמישלער מאלער פינקל. אין די נעכט, אויב ס׳איז מעגלעך געווען, האָבן מיר זיך געזאמלט ארום מ. מיזעסן, וועלכער האָט געהאט ידיעות פון צייטונגען.

9.

אין עטלעכע וואָכן ארום איז אָנגעקומען אין לאגער א נייער טראנספּאָרט יידן פון פשעמישל: צווישן זיי איז געווען ד״ר קריס. ער האָט דערציילט, אז דעם 2טן סעפּטעמבער איז ער ארויסגעשפרונגען פון וואגאָן, אין וועלכן מ׳האָט אויך געפירט מיין ברודער אדאָלף מיט זיין זון ריש. ער האָט געזאָגט, אז ריש איז ארויסגעשפרונגען פאר אים. ער ווייסט, אז ר׳איז געגאנגען קיין פשעמישל און זיך דאָרט באהאלטן. וועגן מיין ברודער האָט ער געזאָגט, אז אויך ער איז ווארשיינלעך ארויסגעשפרונגען — אָבער נישט צוריק געקומען. ער אליין, ד״ר קריס, איז נאָכן שפרינגען צוריק געקומען קיין פשעמישל, פון וואנען ער איז דערנאָך מיט אנדערע געשיקט געוואָרן קיין שעבניע.

דער שניידער זאלצבערג, וועלכן מ׳האָט צוזאמען מיט זיין פרוי געברענגט מיט דעם טראנספּאָרט, אין דערשאָסן געוואָרן, נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעגעבן, אז ר׳האָט ניט קיין געלד — און מ׳האָט עס ביי אים יאָ געפונען.

דער קאָנוואָי וועלכער האָט געפירט דעם טראנספּאָרט, האָט ביי אונדז צוגענומען מיזעסן און אים צוריקגעפירט קיין פשעמישל.

לויט דעם וואָס קריס האָט דערציילט, האָט די געסטאפּאָ, נאָכן ארויספירן אונדז פון פשעמישל, צוזאמענגעטריבן דעם 3טן סעפּטעמבער די אלע וועלכע האָבן זיך געהאט באהאלטן (צווישן זיי — פעמשטיינען מיט זיין פרוי און קינדער) אין א הויז, וואָס איז געוואָרן אונטערגעצונדן — און אלע זיינען דאָרט אומגעקומען.

א געוויסן פרימאָרגן האָט מען אונדז ארויסגעטריבן פון די ווארשטאטן אויף דער בלאָניע, א 3500 מענער און פרויען. מיר זענען געשטאנען אויסגעשטעלט אין רייען. איינער פון די געסטאפּאָוצעס איז צוגעטרעטן צו יעדן, אים אָנגעקוקט, געשטעלט עטלעכע פראגן און — אָדער אים געלאָזט, אָדער געהייסן ארויסטרעטן פון דער ריי. אויף דעם אופן האָט ער צונויפגעזאמלט א 450 פערזאָן, וועלכע מ׳האָט אין אויטאָס אָפּגעפירט אין נאָענטן וואלד אריין און דאָרט זיי דערשאָסן. געווען אין דעם „קאָנטיגענט״: ד״ר אָבערהארט, דער מאלער־מייסטער, די פרוי פון ד״ר מארק (פון די אשכנזים).

שפּעט אין הארבסט, גאנץ פרי, האָט מען אונדז ארויסגעטריבן פון די באראקן, אויף דער בלאָניע. מיר האָבן זיך דערזען ארומגערינגלט מיט געסטאפּאָ און מיט די שווארץ־מונדירטע אוקראינער. אויף יעדע פּאָר טריט האָט מען געזען א מאשינגעווער, געריכטעט אויף אונדז. דער ערשטער געדאנק איז געווען, אז די לעצטע שעה האָט געשלאָגן. מיט איינמאָל האָט זיך פארשפרייט א שמועה, אז צווישן די 3000 ארויסגעטריבענע, דארף מען אויסקלויבן 120 פאכלייט. מ׳האָט אנידערגעשטעלט א טיש, ארום וועלכן ס׳האָט זיך אנידערגעזעצט א קאָמיסיע. כ׳האָב דערהערט מיין נאָמען און צונאָמען. כ׳בין ארויסגעטרעטן און געגאנגען מִיט די ארויסגערופענע. אזוי ווי נאָך מיר האָט מען פאָרגעלייענט א פרעמדן נאָמען, האָב איך מיך צוריקגעקערט צו מיין זון, וועלכער האָט צו מיר אויסגעצויגן זיין האנט. אין דער מינוט האָט מען אויסגערופן זיין נאָמען. מיר האָבן זיך שטארק ארומגענומען — מיר זענען אין דער גרופּע פון די געראטעוועטע.

א שרעקלעכע נאכט איז דאָס געווען, ווען מ׳האָט אלע געהאט ארויסגעפירט, נאָר מיר, די 120 איבערגעבליבענע, האָבן ווי שאָטנס זיך ארומגעדרייט אין די ליידיקע באראקן. אויפן

צווייטן טאָג בין איך און מיין זון אוועק אין ווארשטאט פון די מאליערעס און זיך גענומען צו דער ארבעט. עמעץ האָט געזאָגט, אז פון אָשוויענטשים זענען צוריק געקומען וואגאָנען מיט די מלבושים פון די אוועקגעפירטע.

## .10

אין ווארשטאט זענען מיר געווען 14 מאליארעס. א געוויסן מאָמענט איז אריינגעקומען אין ווארשטאט א פריי זיך באוועגנדער דייטשער ייד פון דער לאגער־פארוואלטונג און זיך צו מיר געווענדעט, אז איין לאגער האָט פארלאנגט ארבעטער, צווישן אנדערע — 4 מאליארעס. ער האָט פאָרגעזען מיך און מיין זון. מען האָט אונדז מיט אנדערע אוועקגעפירט קיין פוסטקאָוו, לעבן דעמביץ. דאָ האָט מען אונדז אויסגעלאָדן און אין אָנהייב געהאלטן ווייט פון די „היימישע". מיר זענען נאָך נישט געווען „אנטלויזט". די „היימישע" זיינען געווען שאָטנס פון מענטשן.

ביינאכט האָט מען אונדז פארשלאָסן אין באראק, ווו מ'האָט געקענט זיך וואשן. דאָ זענען מיר געזעסן ביז אין דער פרי. באלד האָט מען אונדז געטריבן צו דער דיזענפעקציע, וועלכע איז געווען 8 ק"מ ווייטער. דערביי האָט מען געשלאָגן מיט נאהייקעס.ביים צוריק קומען קיין פוסטקאָוו, איז א יונג בחורל געשטאָרבן פון די קלעפּ, פאר די אויגן פון זיין פאָטער.

אין לאגער, וואָס איז באשטאנען פון 2 גרויסע הילצערנע באראקן און נאָך איינעם, ווו עס זענען געווען פארשידענע ווארשטאטן, האָבן זיך געפונען 400 יידן, וועלכע האָבן געארבעט פארן מיליטער. אויף ביינאכט האָט מען אונדז פארמאכט אין די באראקן. איך מיטן זון זענען געשלאָפן אויף שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע, איבער אונדז זענען געווען נאָך 2 שורות בעטן. די פונקציע פון קאפּאָ האָט אויסגעפירט א ווינער יונגערמאן פּאָלדי וואלדהאָרן. זיין פארטרעטער איז געווען א געוויסער שטרויבער, וועלכער האָט דערציילט, אז גרייטנדיק זיך קורץ פארן קריג אויסצווואנדערן קיין ארץ־ישראל, האָט ער מיט אנדערע געלערנט מאלעריי ביי מיין גאָטזעליקן פאָטער. ער האָט זיך באמיט אריינברענגען א ביסל „געזעלשאפטלעך לעבן" אין לאגער. צוויי מאָל אין משך פון אונדזער 8־חדשימדיקן אויפנטהאלט אין דעם לאגער, האָט ער צוזאמענגעשטעלט יידישע פאָרשטעלונגען אין די פארשלאָסענע באראקן, בסוד פאר די וועכטער.

אין יולי האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאנגען, אז דער פראָנט דערנענטערט זיך. איינמאָל, גאנץ פרי, האָט מען אונדז געיאָגט צו דער באן־סטאציע, אריינגעשטופּט אין 4 וואגאָנען פאר בהמות און פארשלאָסן. ממש — א גהינום. 100 מענטשן אין איין וואגאָן, וועמענס טירן מ'האָט בלויז 1 מאָל אין טאָג געעפנט. א שרעקלעכער ריח, אָן לופט, הייס. מיר האָבן זיך געשטיקט און אראָפּגענומען פון זיך די מלבושים. אזוי האָט מען אונדז געפירט צוויי מעת־לעת.

## .11

די צווייטע נאכט האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט. אונדזער באגלייטער פון דער געסטאפּאָ האָט אויף אונדזער געשריי אויפצומאכן די וואגאָנען, רואיק געענטפערט:

— אין עטלעכע מינוט ארום וועט איר זען וואָס מיט אייך וועט געשען.

מיר האָבן פארשטאנען, אז מ'איז אָנגעקומען קיין אָשוויענטשים און מיט די לעצטע כוחות געשריגן: „מערדער!" מיין זון איז געלעגן א פארחלשטער...

דערווייל איז דעם ס.ס.־פירער פון די פוסטקאָווער ווארשטאטן, וועלכער האָט אונדז עסקאָרטירט, געלונגען איבערצוצייגן די אָשוויענטשימער באפעלער, אז דאָס איז א טראנספּאָרט פון באזונדערס פעיקע בעלי־מלאכות. אין דעם מאָמענט האָט זיך געיאָוועט אן ס.ס.־מאן און אָנגעהויבן יעדן פון אונדז פרעגן וועגן קוואליפיקאציעס. איך האָב זיך אָנגעגעבן אלס מאלער־מייסטער און מיין זון באצייכנט אלס זייער פעיקן העלפער. ער האָט אונדז אוועקגעשטעלט אָן א

זייט. עס איז נאָך געווען נאכט. ס׳האָט אין אונדז ווידער אויפגעלעבט א האָפנונג. אין דער פינצטערניש האָבן מיר געזען, אז עס זענען געווען נאָך אזעלכע אויסדערוויילטע. שפּעטער האָט מען אונדזער גרופּע געיאָגט אין באָד אריין.

אין דער פרי האָט מען אונדז באקליידעט און איינגעאָרדנט אין באראקן אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען הונדערטער אומגליקליכע. אויפן פּלאץ נעבן די באראקן האָבן זיך געשטופּט גרופּן יידן פון פראנקרייך, גריכנלאנד און קאָרפו, וועלכע האָבן ביי אונדז, די פריש אָנגעקומענע, געבעטן א שטיקל ברויט. מיר אליין, נאָך א 2־טאָגיקן הונגער, האָבן געווארט אויף „מיטאָג״. אָבער נישט ווייט האָבן די קוימענס געראויכערט און דאָס האָט אונדז געמאכט פארגעסן אָן הונגער און דורשט.

מיר זענען אָנגעקומען קיין אוישוויץ אין דער צייט, ווען מען האָט אהערגעבראכט אונגארישע יידן. מיר זענען דאָ געווען 2 טעג. דעם דריטן טאָג האָט מען יעדן פון אונדז אויס־טאטואירט נומערן אויפן לינקן אָרעם — און גרופּנווייז געפירט אין פארשידענע לאגערן. מיין זון, איך און נאָך אנדערע, זענען איבערגעפירט געוואָרן קיין גלייוויץ. מיר האָבן אָפּגעאָטעמט. אלס לאגער־מאָלער האָב איך באקומען דעם אויפטראג צו באצירן מיט מאָלערייען די 4 ווענט פון דעם גרויסן עסזאל פונעם לאגער. מיין פּראָיעקט אויפצומאָלן די פיר צייטן פון יאָר — איז געוואָרן באשטעטיקט. כ׳האָב צוגענומען אלס געהילף מיין זון און א געוויסן דעמביצער, פון ראָפּשיץ. די ארבעט האָט געדויערט 3 וואָכן.

איינמאָל, האָט אן ס.ס.־מאן זיך צוגעקוקט צו אונדזער ארבעט. דערזעענדיק מיין זון, האָט ער געפרעגט, צו ער איז מיין ברודער. אן איבערראשטער האָב איך אים געזאָגט, אז דאָס איז מיין זון. ער האָט אָנגעהויבן שרייען, אז דאָ איז א לאגער — און נישט קיין סאנאטאָריום. ר׳האָט געהייסן אוועקפירן מיין זון. איך בין געלאָפן צום קאָמענדאנט, וועלכער האָט מיך געשעצט פאר מיין ארבעט. ער האָט מיך בארואיקט און פארזיכערט, אז מיין זון איז צוגעטיילט צו א גרופּע מאָלערס, וועלכע האָבן געארבעט אין שטאָט, ווו זיי זענען גרופּנווייז געגאנגען יעדן אין דער פרי.

נאָכן ענדיקן די מאָלערייען אויף די 4 ווענט, האָב איך געמוזט ארבעטן אין ווארשטאט (אין א קעלער פון באראק). מיין אויפגאבע איז געווען: פארשידענע אָריענטאציע־אויפשריפטן אין לאגער, אויך צייכנס און נומערן אויף די ברוסטן פון יעדן פון די געפאנגענע. אָבער, דער עיקר, הגם נישט אָפיציעל, האָב איך געמאָלן בילדער (אויך — פּאָרטרעטן) פון קאָמענדאנט און פאר אנדערע עלטסטע פונעם לאגער. אזוי האָב איך אָפט געארבעט ביז 11 ביינאכט. מיין זון, נאָכן צוריקקומען ביינאכט פון דער ארבעט מיט דער גרופּע, האָט פארברענגט מיט מיר אין ווארשטאט. נאָענט צו האלבער נאכט, זענען מיר געגאנגען שלאָפן, כדי מיין זון זאָל זיין גרייט 5 א זייגער פארטאָג צום אָפּמארש מיט זיין גרופּע. און איך — אין מיין ווארשטאט.

## .12

איצט האָבן מיר געהערט און געפילט דאָס פליען איבער אונדז, באטאָג און באנאכט, פון אמעריקאנער עראָפּלאנען. אין אזעלכע מאָמענטן האָט מען אונדז געטריבן אין די קעלערן און דאָרט פארמאכט.

איינמאָל, דאָס איז געווען דעם 19טן יאנואר 1945, ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן, פארטיילט יעדן א ברייטל און געזאָגט, אז מיר וועלן האָבן א ווייטן מארש צופוס. מיר האָבן דורכמארשירט גלייוויץ. באנאכט האָבן מיר זיך געפונען אויסער דער שטאָט, אין שניי.ביים ערשטן אָפּשטעל, ווען מיין זון און איך האָבן געזוכט א פּלאץ זיך אנידערצוזעצן און א ווײַלע אָפּרוען, האָט ווער אויסגענוצט די געלעגנהייט און צוגעגנבעט

אונדזערע צווי ברייטלעך — דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן געהאַט צו עסן. אין ווייטערן וועג האָבן מיר זיך צובאקומען צו א לאגער, ווו מ׳האָט אונדז מכבד געווען מיט א „זופּ״.

צומאָרגנס האָט מען אונדז געיאָגט אין אן אומבאקאנטער ריכטונג. אזוי זענען מיר געגאנגען א טאָג, ביז האלבער נאכט. אויסגעמאטערט, זענען מיר אָנגעקומען אין לאגער בלעכהאמער. דאָ האָט מען אונדז געגעבן א זופּ. א הויכע מויער האָט ארומגערינגלט דעם לאגער, אין די ווינקלען האָט מען געזען טורעמס מיט וועכטער. אין דעם לאגער זענען אומאויפהערלעך אריינגעגאנגען געטריבענע העפטלינגען פון אנדערע ערטער, ווי מיר. איינער פון אונדזער לאגער האָט געזאָגט, אז אונדזער קאָמענדאנט זוכט א 50 שטארקע מענער, פעיקע צו טראָגן שווערע לאסטן. איך בין צוגעלאָפן צום קאָמענדאנט, און הגם ער איז געווען מסופק אויב מיין זון און איך וועלן זיין פעיק צו דער שווערער ארבעט, האָט ער אונדז דערלויבט ארויסצוגיין אויסער די מויערן פונעם לאגער, ווו מיר האָבן באדארפט באפרייען די וועגן פון די פעק, קאסטנס און טראנספּאָרט־מיטלען פון די דייטשן, וועלכע האָבן אונדז געטריבן אהער. מיר האָבן דאָס אלץ באדארפט שלעפּן, אָדער שטופּן אין ווייטערדיקע ערטער. דער רעשט פון אונדזער גלייוויצער לאגער, בערך 300 יידן, זענען געבליבן אין בלעכהאמער. אסך פון זיי האָבן זיך געראטעוועט.

מיר, געפרוירן און אויסגעהונגערט, זענען געגאנגען באלאָדן, שלעפּנדיק אָדער אונטער־שטופּנדיק פארשידענע וועגענער אין משך פון 3 וואָכן. פאלנדיק פון מידקייט, הונגער, קעלט און שיסערייען, האָבן מיר אדורכמארשירט די סודעטן, אויסמיידנדיק שטעט, ווי נייססע, פראנקענשטיין, שווידניץ און ליגניץ — ביז צו סאמע סאקסן. אין די נעכט האָט מען אונדז פארשפּארט אין סטאַדאָלעס און שאָפּעס, וועלכע מ׳האָט געטראָפן אויף די וועגן — און אונדז ארומגערינגלט מיט וועכטער. נאר ביי א געלעגנהייט האָט מען אונדז געגעבן אָפּצועסן עטלעכע אין שאָלן געקאָכטע קארטאָפל. אן אנדערשמאָל — אביסל „זופּ״ אָדער „קאווע״. נאָר איינמאָל, פארבייגייענדיק א שלאָס (כ׳האָב פארגעסן דעם נאָמען), האָבן מיר דאָרט זוכה געווען צו א נאכטלעגער אויף דער פּאָדלאָגע, הגם אין גרויס ענגשאפט. אין דער פרי האָט מען אונדז געגעבן צו ביסלעך אמתע זופּ.

דערווייל זענען אונדזערע רייען געוואָרן פון טאָג צו טאָג שיטערער. די, וועלכע האָבן נישט געקענט מארשירן, זענען דערשאָסן געוואָרן און מ׳האָט די טויטע קערפּערס אריינגעוואָרפן אין די נאָענטע פּאָסעס. נישט איינמאָל האָט מיין זון מיך געשלעפּט מיט זיינע לעצטע כוחות, איך זאָל האלטן טריט מיט אנדערע, ווייל זיי קוקן שוין אויף מיר...

## .13

ענדע יאנואר האָבן מיר זיך אזוי דערשלעפּט צום לאגער גראָס־ראָזען אין זאקסן. אין באראקן, אָן א דאך, אין קאלטער בלאָטע, האָבן מיר פארברענגט די נאכט. צומאָרגנס האָט מען אונדז איינוואגאָנירט אויף אָפענע לאָרעס (וואגאָנעטקעס), ווו דער רוב האָט געמוזט שטיין. אזוי זענען מיר געפאָרן 4 טעג און 4 נעכט, אָן שלאָף און אָן עסן. שניי פונעם שכנ׳ס מלבושים האָט געדינט אלס איינציקע שפּייז. אזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין בוכנוואלד. פון די פּשעמישלער, אויסער מיין זון און מיר, איז געווען אויף דער לאָרע דער שוסטער צימערמאן פון דער סלאָוואצקי־גאס.ביים אויסלאָדן אונדז אין דער נאכט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז א סך פארפרוירענע מתים זענען געבליבן אויף די לאָרעס. כמעט א גאנצע נאכט האָט מען אונדז געהאלטן פאר דעם טויער פון לאגער. אָבער נאָכן עפענען דעם טויער, אויף צומאָרגנס, אין אריינלאָזן אונדז אין לאגער, האָבן מיר דאָרט פארבראכט 5 טעג און 5 נעכט אונטער דעם פרייען הימל. מען האָט אונדז געזאָגט, אז מיר מוזן דעזינפיצירט ווערן, איידער מען וועט אונז צעטיילן אין די באראקן. אָבער עס האָט דאן אויסגעפעלט וואסער. ווען מיר זענען סוף־סוף דעזינפיצירט געוואָרן, האָט

מען אריינגעלאָזט אונדזער גרופּע אין א הילצערנעם באראק אָנגעפּראָפּט מיט ווילד־געוואָרענע מענטשן, הויט און ביינער. דאָ האָבן מיר מיט גרויס מי געפונען פּלאַץ אויפן 3טן שטאָק נארעס. אויך דאָ האָט מען געמוזט פירן מלחמה מיט די שכנים איבער א שטיקל אָרט פאר מיר און דעם זון.

אויפן צווייטן טאָג, נאָך א 3־שעהדיקן שטיין אויפן פראָסט (אין א דינער בלוזע און צעריסענע הויזן), זענען מיר צוגעלאָזט געוואָרן מיט אנדערע צו א מעדיצינישער קאָמיסיע. דאָ האָט מען מיך און מיין זון צוגעטיילט צו די ניט ארבעטס־פעיקע. איצט זענען מיר צוזאמען מיט די וועלכע האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל, געלעגן אין באראק. יעדן נאָכמיטאָג, א זייגער דריי, האָט מען אונדז ארויסגעטריבן צום אפּעל, ווו מיר זענען אויסגעפרוירענע און אויסגע־מאטערטע, געשטאנען אין רייען, ביז 6 פארנאכט. ערשטביים ליכט פון א לאמטערן, האָט דער ס.ס־מאן אונדז איבערגעציילט און פארטיילט מארקן אויף „מיטאָג" צומאָרגנס. אויסער דעם זענען מיר מערסטנטייל געלעגן אויף די ברעטער, נישט קענענדיק זיך רירן. מיין זון האָט זיך אָנגעהויבן באקלאָגן אויף א ווייטיק אין דער רעכטער זייט ברוסט. אויף מיין ביטע האָט אים דער דאָקטאָר באפרייט פון אפּעל. די היץ האָט אים פארענדערט, נישט צו דערקענען. דאָס האָט געדויערט א טאָג, אָדער צוויי. מע האָט אונדז אריבערגעטראָגן אין א באראק פאר אינוואלידן, נישט ווייט פון קרעמאטאָריום. נאָך א נאכט אין וועלכע ער האָט פארברענגט אין גרויס היץ, איז מיין זון, אויפן באפעל פון דאָקטער, (דאכט זיך — א גריכישער ייד), איבערגעפירט געוואָרן אין „רעוויר". פארן איבערפירן אים, האָבן מיר זיך אָנגעזאָגט, אז אויב נאָך דער „מהומה" מיר וועלן זיך נישט קענען געפינען, דארף יעדער פון אונדז שרייבן צו אונדזער קוזינע ד״ר דאָרע ציפּפער־ראפּאפּאָרט, אָדער צו דעם פריינד פון מיין פרוי׳ס פאמיליע, דעם ריכטער ד״ר קאָרנגרין אין תל־אביב אָדער חיפה.

כ׳האָב מיך קוים צוגעשלעפּט צו דער טיר. ער האָט זיך צו מיר אויסגעדרייט — — און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבן זיך אנגעקוקט...

## .14

איינמאָל אין דער פרי, האָב איך זיך דערשלעפּט צום טירל ווו ס׳איז געשטאנען דער בלאָק־היטער (א געפאנגענער פּאָליאק) און איך האָב אים הכנעדיק געפרעגט וועגן גורל פון מיין זון. יעדעס מאָל האָט ער מיך קורץ אָפּגעפּארטיקט: „אויף וויפל איך ווייס, איז אלץ אין אָרדענונג". איך האָב אויפגעלעבט נאָך אזא ענטפער. דאָס איז געווען ענדע פעברואר, אָדער אָנהייב מערץ 1945. אזוי איז אָנגעקומען דער 5טער טאָג, זייט מען האָט צוגענומען מיין זון. ס׳איז געווען זונטיק. כ׳האָב נישט געהאט דעם מוט צו קלאפּן אין טיר פון דעם בלאָק־היטער אין טאָג, וואָס איז פאר אים געווען הייליק.

אָבער צומאָרגנס בין איך מיט א קלאפּעדיק הארץ, ווידער געשטאנען פאר דער טיר פון זיין שטוב און קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן, געפרעגט... און מיינע אויערן האָבן דערהערט: „איך באדויער", און באלד נאָכדעם: „האלט זיך! האלט זיך!" מיט מיינע לעצטע כוחות האָב איך מיך דערשלעפּט צוריק אין באראק. כ׳האָב מיך אנידער געלייגט אויף דער פּאָדלאָגע, טויב אויף אלע קללות פון מיינע שכנים, ווייל כ׳האָב געשטערט זייער רו...

זיבן נעכט נאָכאנאנד בין איך אויף אלע פיר ארויסגעקראָכן צו דער אנדערער זייט פונעם באראק, ווו איך האָב אין דער שטילקייט פון דער נאכט, וויינענדיק, געזאָגט קדיש...

# מפתח השמות

## א

## ב



## ג



## ד

## ה



## ו

## כ



## ל



## מ

## נ



## ס

## ע



## פ

## צ



## ק



## ר

## ש

שפאץ צבי, 295
שפיגל ז׳ק, 226
שפיגל, 86
שפיגלר, 295


## ת

# אינדעקס פון נעמען

## ה



## ו



## ז



## ח



## ט



## י



## כ



## ל

## ר



## ש

## תקון טעויות

| עמוד | שורה | במקום : | צריך להיות : |
|---|---|---|---|
| 27 | 4/5 מלמטה | ומשם לדרום מערב | עם המשך לדרום מזרח |
| 28 | 15 מלמטה | שונים : המסוכנת שבהם היתה | שונים : עלילות דם או |
| 28 | 8 מלמטה | שעליה | על עלילות 2) ו 3) |
| 32 | 6 מלמעלה | ידוע | קיים |
| 32 | 17 מלמעלה | לפיכך דרוש היה | בשביל בניה כזו הספיק |
| 34 | 8 מלמעלה | נדלק | נדלקה |
| 83 | 7 מלמעלה | גינס | גנס |
| 107 | 16 מלמטה | האולם שהיה | שהאולם היה |
| 199 | 3 מלמטה | פ.פ.ס. | המפלגה העממית |
| 200 | 3 מלמטה | נמנו | נמנה |
| 212 | 14 מלמעלה | הרצוג | הרציג |
| 215 | 19 מלמטה | 1927 | 1922 |
| 215 | 11 מלמטה | עובדתו | עבודתו |
| 227 | 2 מלמטה | חרפה | חרגה |
| 241 | 17 מלמטה | והגיע | והגיעה |
| 275 | 17 מלמטה | שריכזו | ושריכזו |
| 284 | 9 מלמעלה | הדריכים | מדריכים |
| 288 | 4 מלמעלה | (מפלגת פועלים יהודים) | (מפלגה סוציאליסטית יהודית) |
| 298 | 16 מלמטה | לבפטוריה | לאבפטוריה. |
| 301 | 17 מלמטה | הגימנסידה | הגימנסיה |
| 303 | 1 מלמעלה | תפקיד הבטחון הסוציאלי | תפקיד הביטוח הסוציאלי |
| 321 | 8 מלמטה | משלהבתה | משלהבת־יה |
| 321 | 4 מלמטה | התעכב רגע זר | התעכב הרגע ! |
| 332 | 16 מלמטה | תקון | תיקן |
| 333 | 1 מלמטה | היהדת | היהדות |
| 337 | 7 מלמעלה | המופלגה | המופלג |
| 346 | 2 מלמטה | הנהלתה | הנהלתו |
| 348 | 1 מלמעלה | עה משפחת | על משפחת |
| 363 | 5 מלמעלה | פורט | פורץ |
| 397 | 12 מלמטה | שמועו, כי | שמועות, כי |

| | | | |
|---|---|---|---|
| 416 | 11 פון אונטן | יידישע פוסקים | מומחים פון דער פוסקים ליטעראטור |
| 417 | 2 פון אויבן | פעלן פריערדיקע | פעלן דאכט זיך פריערדיקע |
| 417 | 15 פון אויבן | מאזשימיעזש | קאזשימיעזש |
| 418 | 9 פון אויבן | די פריווילעגיע | נייע שורה ג) די פריווילעגיע |
| 418 | 15 פון אויבן | לויט | קעגן |
| 422 | 12 פון אויבן | פאר דער צייט | אין דער צייט |
| 426 | 14 פון אונטן | ווילן צו 6 ראטמענער | ווילן צו 12 ראטמענער |
| 426 | 15 פון אונטן | צו ווילן 6 ראטמענער | צו ווילן 12 ראטמענער |
| 426 | 15 פון אונטן | אין 3 פארטרעטערס | און 6 פארטרעטערס |
| 428 | 3 פון אויבן | צווייטער וועלט־מלחמה | ערשטער וועלט־מלחמה |
| 433 | 7 פון אויבן | ארויפגיין | אראָפּגיין |
| 441 | 16 פון אויבן | 21־טן דעצעמבער 1928 | 21־טן יאנואר 1928 |
| 467 | 14 פון אונטן | טור קרוב | אור קרוב |
| 467 | 6 פון אויבן | פאָשניצע | סאָשניצע |
| 475 | 5 פון אויבן | א פארמוטשעטע וועלט | א פארמישטע וועלט |
| 492 | 5 פון אויבן | רזא בהמנא | רזא מהימנא |
| 496 | 6 פון אונטן | חנוך טראו | חנן טראו |
| 497 | 2 פון אונטן | ביז 400 פשעמשלער | ביז 400 געשטאָרבענע מיטגלידער |
| 497 | 9 פון אונטן | האבען פשעמישלער יידן | האבען חברים פון דער סאָסייטי |
| 498 | 14 פון אויבן | אָדער געהערן | אין געהערן |
| 498 | 1 פון אונטן | „בני ברית" מאסאָנען־לאזשעס | „בני ברית" לאזשעס |
| 500 | 10 פון אונטן | קאסירערין | קאסירער |
| 502 | 13/14 פון אויבן | בתי מדרשים ווי שיינבאך | בתי מדרשים, דעם טעמפל |
| 504 | 9 פון אונטן | פון א שטאָט | פון דער שטאָט |
| 509 | 14 פון אונטן | (18/11 1942) | (18/6 1942) |
| 511 | 2 פון אויבן | „חייזער" | „רייזער" |


THE GHETO BOUNDARIES: גבולות הגיטו:
די גרענעצן פון געטאָ:
The Gheto at its beginning. הגיטו בהתחלתו.
דער אנהייב פון געטאָ.
The second stage. השלב השני.
דער צווייטער עטאַפּ.
Remnants of Gheto. שריד הגיטו.
דאס איבערבלייבעניש פון געטאָ.
JAIL YARD where 1200 Jews were shot at 12.9.1943.
חצר בית-הכלא בו נורו 1200 יהודים ב-12.9.43
דער תפיסה-הויף ווו עס זײנען
דערשאסן געווארן דעם 12.9.43
1200 יידן.
הנהר סן
SAN
TARGOWICA
IWASZKIEWICZA
KOPERNIKA
REYMONTA
בית חולים
HOSPITAL
BOGUSŁAWSKIEGO
DEKIERTA
Judenrat
יודענראט
ROKITNIAŃSKA
Koszary
CZARNIECKIEGO
SZCZEPANOWSKIEGO
JAGIELOŃSKA
MNISZA
PLAC KOLEJOWY
MICKIEW